Lovestone, Jay.

Nayntsen hundert akht un tsvantsig.

# 1928

# די וואַלן פאר פּרעזידענט און די אַרבעטער

פון

דזש. לאָווסטאָן

רויטע אַרבעטער-ביבליאָטעק — נומער 3

אַרויסגעגעבן פון דער
אידישער סעקציע וואָרקערס (קאָמוניסטישער) פּאַרטיי
30 יוניאָן סקווער, ניו יאָרק

אַפּריל, 1928

פּרייז 15 סענט



## דזש. לאָוועסטאָן

פאַרפאַסער פון

סטרייקברעכער־רעגירונג.

אַרבטער ליוטענאַנטן פון אַמעריקאַנער אימפעריאַליזם.

בלוט און שטאָל.

קולידזש׳עס פּראָגראַם.

דער אמת וועגן קולידזש׳ן.

די לאַפאָלעט באַוועגונג.

1923 — די וואַלן פאַר פּרעזידענט און די אַרבעטער.



# עקאָנאָמישע און פּאָליטישע לאַגע

וואָס זאָלן די אַרבעטער טאָן, — הויפּטזאַכלאַך די באַוואוסט־זיניקע קעמפנדע אַרבעטער, — ווי אַזוי זאָלן זיי זיך גרייטן צו די וואַלן פון 1928 ? זאָלן זיי ווייטער נאָכפאָלגן די צוויי פּאַרטייען פון קאַפּיטאַליסטישן קלאַס, די דעמאָקראַטישע און רע־פּובליקאַנישע ? זאָלן זיי אָרגאַניזירן אַן אייגענע, נייע פּאַרטיי ? זאָלן זיי אַרבעטן אין דער ריכטונג צו אָרגאַניזירן אַ דריטע פּאַרטיי פון קליינע קאַפּיטאַליסטן, געפירט פון אַזעלכע טיפּן ווי באָראַ און נאָררים ? זאָלן די אַרבעטער אָרגאַניזירן אַן אייגענע קלאַסן־פּאַרטיי אויף אַ נאַציאָנאַלן מאַסן־באַזיס, אַ גרויסע לייבאָר פּאַרטי, געבויט הויפּטזאַכלאַך אויף די טרייד יוניאָנס. און וואָס איז מכח דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי ? פאַרוואָס קעמפט די וואָרקערס פּאַרטי ? וואָס זיינען די אויסזיכטן פאַר אַ פּאַר־אייניקטן וואַל־צעטל פון אַרבעטער־קלאַס ?

דאָס זיינען ניט קיין אַבסטראַקטע, אַקאַדעמישע פראַגן ; דאָס זיינען ברענענדע פראַגן פון מאָמענט, וואָס זיינען פאַר־בונדן מיט די טאָג־טעגלאַכע קאַמפן פון די אַרבעטער, אויס־געקניפּט מיט די פונדאַמענטאַלסטע אינטערעסן און פאָדערונגען פון גאַנצן אַרבעטער־קלאַס און עקספּלואַטירטע פאַרמערס.

## די עקאָנאָמישע באַדינגונגען

זינט 1921 האָט נאָך אַמעריקע, דאָס לאַנד פון פאַרשריענער פּראָספּעריטי, ניט געזען אַזאַ גרויסע אַרבעטסלאָזיקייט. לויט דער קאָנסערוואַטיווסטער אָפּשאַצונג פון דער רעאַקציאָנערער קולידזש אַדמיניסטראַציע, זיינען זעקס אַרבעטער פון יעדער הונ־דערט, וואָס האָבן פאַראיאָרן אין דער צייט געאַרבעט, איצט אַרבעטסלאָז. ווינציקסטנס צוועלף פון יעדע הונדערט אַרבעטער, וואָס זיינען געווען באַשעפטיקט אין 1923, זיינען איצט אָן אַרבעט.

שכירות ווערן אַלץ אָפּטער געשניטן. ווי געוויינלאַך, זיינען די ניו ענגלאַנדער טעקסטיל מילן די וועג־ווייזער אין שניידן שכירות. די ניט־יוניאָניזירטע קוילן־פעלדער בלייבן ניט הינטער־שטעליק און גרייטן צו נייע רעדוצירונגען אין שכירות. מען רעדט

וועגן שניידן וויידזשעס אין דער שטאָל אינדוסטריע. מיט שטייגנדער רעגולערקייט הערט מען וועגן שניידן שכירות אין דער בוי־אינדוסטריע. די אייזנבאַן מאַגנאַטן פון דער וועסט זאָגן זיך אָפּ צו באַוויליקן די מאַגערע עטלאַכע סענט אַ טאָג, וואָס די לאָקאָמאָטיוו פייערמען און אינזשינערן האָבן געוואונען מיט אַ געוויסער צייט צוריק.

אין לויף פון לעצטן יאָר איז דער סך הכל פון „פּעי־ראָל“ געפאַלן ארום אַכט סענט אופ׳ן דאָלאַר. פאַר יעדן דאָלאַר אין שכירות, וואָס דער דורכשניטלאַכער אַרבעטער האָט געקראָגן מיט צוועלף חדשים צוריק, קריגט ער איצט ארום ניינציק סענט. דער אַלגעמיינער סך הכל פון שכירות איז היינט ווינציקסטנס מיט עלף פּראָצענט קלענער, ווי אין 1923. די שטאַטישע לאָדזשינג הייזער אין ניו יאָרק האָבן היינטיקן יאָר „צוגעדעקט אונטער זייער דאַך“ מער ווי אין וועלכן עס איז יאָר פריער. שיקאַגאָ גרויסט זיך איצט מיט די לייגנסטע ברויט־ליינס זינט 1913. אין אָמאַהאַ איז די עקאָנאָמישע לאַגע אַזוי אומדערטרעגלאַך פאַר די גרויסע מאַסן אַרבעטער, אַז אַן אַרבעטער פרוי איז געווען גרייט באַצייטנס צו פאַרקויפן איר קערפּער, צו פּאַלמעסן פאַר אַנאַטאָמיע אין אַ לאָקאַלן שפּיטאַל, כדי זיך איינשאַפן שפּייז פאַר אירע הונגערנדע קינדער.

ניט קוקנדיק אויף די געשרייען וועגן פאַרם פּראָספּעריטי, זיינען די פאַרמערס נאָך אַלץ אין טיפן אָפּגרונט. כאָטש דער תבואה־שניט פון לעצטן יאָר איז געווען דער גרעסטער אין דער געשיכטע פון לאַנד (חוץ 1916 און 1920), איז אָבער דער ווערט פון דער תבואה, צוזאַמען מיט אַנדערע פאַרם פּראָדוקטן, געפאַלן אויף זעקס הונדערט מיליאָן דאָלאַר אין די לעצטע צוועלף חדשים.

קורץ גערעדט: קולידזש׳עס זייפנבלאָז און בלאָף וועגן פּראָספּעריטי האָט געפּלאַצט. די ריכטונג פון האַנדל און אינדוסטריע איז אומצווייפלהאַפט באַרג אַרונטער. די אַרבעטער הויבן עס אָן צו דערפילן. אין די לעצטע זעקס חדשים איז דער עקאָנאָמישער צוריקטריט געוואָרן שאַרפער. דאָס וואָס די אַרבעטער האָבן אָפּגעשפּאָרט אין די בעסערע צייטן פון אַ יאָר צוריק, פאַרשווינדט שנעל. פאַקטיש האָט די אַזוי גערופענע פּראָספּעריטי כמעט קיינמאָל ניט דערגרייכט די ניט־קוואַליפיצירטע און האַלב־געשולטע אַרבעטער אין די פאַראייניקטע שטאַטן.



פּראָפעסאָר אירווינג פישער פון דער יעיל יוניווערסיטי, איינער פון די אויסגעפּרואוווטסטע און געטרייסטע פאַרטרעטער פון די גרויס־קאַפּיטאַליסטישע אינטערעסן אין לאַנד, האָט ניט לאַנג צוריק דערקלערט, אַז די אַמעריקאַנער מאַסן לעבן אין אָרעמקייט און נויט. לויט אַ גענויער אונטערזוכונג וואָס ער האָט געמאַכט, ווייזט זיך ארויס, אַז ווינציקסטנס 93 מיליאָן מענטשן פון אונזער באַפעלקערונג מאַכן קוים אויף הוצאות. זייער דורכשניטלאַכער יערלאַכער איינקונפט איז העכסטנס 5 הונדערט דאָלאַר. אָט דער איינקונפט איז קוים גענוג צו דערהאַלטן די 93 מיליאָן מענטשן, „ביי דעם נידעריקסטן שטאַפּל פון געזונט און מענטשלאַכן אויסזען“. אין אָט דער אומגעהויערער מערהייט פון דער באַפעלקערונג פון די פאַראייניקטע שטאַטן זיינען איינגעשלאָסן די גרויסע מאַסן אַרבעטער, די עקספּלואַטירטע פאַרמער און אַ גרויסער טייל פון מיטל־קלאַס.

## די באַלדיקע פּאָליטישע לאַגע

שוין יאָרן אַז מיר האָבן ניט געהאַט קיין גרויסע, וויכטיקע אישו, וואָס זאָל אויפטרייסלען דאָס לאַנד. מיר האָבן ניט געהאַט אַזעלכע פּראָבלעמען, מיט וועלכע אַמעריקע איז געשטאַנען פּנים אל פּנים באַלד נאָך דער מלחמה. עס זיינען ניט געווען קיין פּראָבלעמען, וואָס זאָלן צוטיילן די באַפעלקערונג אין שאַרף־דעפינירטע, פיינטלאַך צוטיילטע פּאָליטישע לאַגערן, אָדער אַזעלכע פראַגן, וואָס זאָלן אריינטראָגן אַ שאַרפע צוטיילונג אין די רייען פון די עקזיסטירנדע פּאָליטישע פּאַרטייען. לויט אונטערזוכונגען ווייזט זיך ארויס, אַז אין 1926 האָבן מיר געהאַט די קלענסטע צאָל סטרייקס און אינדוסטריעלע סכסוכים, זינט מיר זיינען געוואָרן אַן אינדוסטריעלע נאַציע.

אין 1922 און 1924 האָבן מיר געזען אַזעלכע שאַרפע אישוס. אָט די אישוס — דער אַגריקולטורעלער קריזיס, צום ביישפּיל — זיינען דאַן געווען שאַרפער ווי היינט, און האָבן זיך איבערגעפורעמט אין פּאָליטיש־פאַרשאַרפטע באַציאונגען. עס זיינען אויך געווען שאַרפע און פאַרוויקלטע סתירות, צווישן די אַרבעטער און אַרבעטסגעבער. מיר דאַרפן בלויז דערמאָנען די כוואַליע פון גרויסע סטרייקס אין 1922. מיר האָבן זיכער ניט פאַרגעסן די שאַרפע אַגריקולטורעלע דעפּרעסיע, וואָס האָט דאַן

געהערשט אין לאנד.ביידע טרייב־כוחות צוזאמען האבן געפירט צו דער ארגאניזירונג פון דער לאפאלעט באוועגונג, וואס איז געווען א באוועגונג פאר א דריטער פארטיי, געפירט פון די קליינבירגער און געשטיצט פון גרויסע מאסן ארבעטער. זינט דאן האבן מיר ניט געזען אזעלכע וויכטיקע דערשיינונגען. איצט אבער זעען זיך סימנים פון וויכטיקע געשעענישן. סיי אין לאנד, סיי אין אויסלאנד זיצט איצט די אמעריקאנישע קאפיטאליסטישע רעאקציע פעסט אין זאטל.

דער זיבעציקסטער קאנגרעס האט זיך געעפנט אונטער'ן שאטן פון אן אומגעהויערער לאבי פאר די גרויס־קאפיטאליסטישע אינטערעסן. די געזעצגעבונג קעגן ארבעטער־קלאס, הויפטזאכלאך קעגן פרעמד־שפראכיקע ארבעטער, איז אין פולן שוואונג: אין דער רעפובליקאנישער פארטיי פירט הואווער — דער פארטרעטער פון די באוואוסטזיניקסטע קאפיטאליסטישע אינטערעסן, וועלכער איז פולשטענדיק אינדארסירט פון די אויל־מאגנאטן און פון גאווערנאר פולער, דער מערדער פון סאקא און וואנזעטי — די קאמפאניע, צו פארנעמען דעם פלאץ פון „קעניג" קולידזש. אין דער דעמאקראטישער פארטיי איז גאווערנאר סמיט — וועלכער האט געארבעט אווערטיים צו רואינירן די נאדל־טרייד ארבעטער, און וועלכער האט צוגעדעקט די זעלטנסטע עקזעמפליארן פון קארופציע וואס טעמעני האל האט געקאנט ארויסגעבן פון זיך, — דער קאנדידאט פאר דער דעמאקראטישער פרעזידענט־נאמינאציע. די אזוי־גערופענע פראגרעסיווע, די זעלבסט־געקרוינטע אינסורגענטן, געפירט פון נאררים און בארא האבן אינגאנצן דעזערטירט. פארעטעריש איז אין דעם פרט געווען דער אזוי גערופענער פארמער־לייבאר סענאטאר שיפסטעד פון מענעסאטא, וועלכער איז איצט פאקטיש רעגיסטרירט אלס רעפובליקאנער.

די אימפעריאליסטן מאכן איצט זייערע ענערגישסטע פארזוכן אויסצובררייטערן און פארפעסטיקן זייער מאכט צו באהערשן די וועלט. א ספעציעלע קאמפאניע ווערט געפירט קעגן די לאטיינישע לענדער אין אמעריקע, ווי מעקסיקא און אנדערע אויף דער צווייטער זייט פון ריא גראנדעי. כדי די שוואכערע פעלקער זאלן זיך גרינגער אונטערווארפן אונטער'ן קנאפל פונ'ם יענקי אימפעריאליזם, ווערן געשיקט אהין אזעלכע פייקערישע „גוד־וויל" שליחים ווי לינדבערג: פרעזידענט קולידזש אליין, צוזאמען מיט'ן סטייט סעקרעטערי קעלאג און יוז — יארן לאנג דינער פון די גרעסטע אויל קארפאריישאנס, — האבן זיך מטריח געווען אויף א קריגס־שיף קיין האוואנע, קיובא, כדי צו געבן דעם געהעריקן „טאן" און שאפן די „אטמאספערע" וואס זיינען נויטיק פאר די מאניפולאציעס פון יענקי אימפעריאליזם. אין דער צייט וואס די שלוחים פון וואל סטריט ריידן וועגן פרידן, שלאכטן זייערע מארינען אויס מאסן ניקאראגוער וואס קעמפן פאר נאציאנאלער באפרייאונג.



דער שוויינגנדיקער „עקאנאמישער" קולידזש קוויטשעט איצט פאר מיליאנען דאלאר, פאר דער נייווי. זינט דעם דורכפאל פון דער זשענעווער פלאטן־אנטוואפנונגס קאנפערענץ, ווערט די פיינטשאפט צווישן ענגלאנד און אמעריקע אלץ שארפער און שארפער. די פאראייניקטע שטאטן מאכט א פארזוך אויסצומאנעווירן ענגלאנד, דורך א גאנצער ריי אזוי־גערופענע פרידנס־מאנעווערס מיט דער פראנצויזישער אימפעריאליסטישער מאכט. די בלוטיקע לאפע פון יענקי אימפעריאליזם צעשפרייט זיך איבעראל. וואל סטריט רייסט זיך אלץ מער אריין אין נאענטן, צענטראלן און ווייטן מזרח. דער פראצענט פון די רעגירונגס־אויסגאבן אין 1927, פאר פארגאנגענע און קומענדע מלחמות, באטרעפט 82 סענט נעט פון יעדן דאלאר. זינט 1913 האט די פעדעראלע רעגירונג פארגרעסערט די מיליטערישע און פלאטן אויסגאבן אויף 124 פראצענט. דאס איז באלד צוויי מאל אזוי פיל ווי די מיליטערישע אויסגאבן וואס ענגלאנד האט פארגרעסערט, מער ווי אכט מאל אזוי פיל פון איטאליע און ארום זעכציק מאל אזוי פיל פון דער פראפארציע פון די פראנצויזישע מיליטערישע אויסגאבן, פאר דעם זעלבן פעריאד.

די כינעזישע מיליטאריסטן און אימפעריאליסטן האבן צוזאמען מיט'ן אמעריקאנער אדמיראל בריסטאל, געפלאנעוועט זייער בארבארישע שחיטה אויף די ארבעטער אין קאנטאן און אויף די פויערים אין די פראווינצן.

אין דער זעלבער צייט ווערט אלץ גרעסער דער ווידערשטאנד צו דער פארשטארקונג פון אמעריקאנער אימפעריאליסטישער מאכט. שוין איצט האבן די אייראפייאישע קאפיטאליסטן ארגאניזירט א היבש ביסל גיגאנטישע קארפאראציעס, כדי צוריקצושלאגן דאס אריינדרינגען פון אמעריקאנער קאפיטאליזם אין

וועלט־מארק. דייטשלאנד און גרויס־בריטאניע העכערן זייערע טאריפן קעגן געוויסע אמעריקאנער סחורות. ענגלאנד באקלאגט זיך ווידער אויף דער שווערער משא פון די מלחמה חובות. די שוועריקייטן, וואס אנטוויקלען זיך אין דאזן פלאן, שאפן נאך מער ביטערקייט אין דער אייראפייאישער בורזשואזיע און פארשטארקן איר אומוויליקייט פארצוזעצן צאלן וואוכער־געלט צו וואל סטריט.

## די לאגע אין דער ארבעטער־באוועגונג

די גאנצע טרייד יוניאן באוועגונג פירט א פארצווייפלטן קאמף. די טרייד יוניאנס זיינען אין געפאר פון פארניכטונג. די אנשטרייננגונג צו ראטעווען אפילו די קאנסערוואטיסטע יוניאנס, וואקסט אלץ מער אויס אין א הויפט־קאמף אין דער ארבעטער באוועגונג. די אמאל מעכטיקע יונייטעד מיין ווארקערס אוו אמעריקע איז איצט פאקטיש פאראליזירט — א קרבן פון פינסטערסטן פארראט אויף די שווארצסטע בלעטער אין דער געשיכטע פון דער אמעריקאנער ארבעטער־באוועגונג. לואיס, מארעי און זייערע געהילפן, געשטיצט פון וואל, גרין און די גאנצע קאמאריליע פון טרייד־יוניאן ביוראקראטן, האבן אויסגעזויגן דאס סאמע לעבנס־זאפט פון דער ארגאניזאציע, וואס איז אמאל געווען דער ווירקזאמסטער קאמפס־כוח אין דער טרייד יוניאן באוועגונג. די לייבאר ביוראקראטן דערלאזן איצט ניט די ארבעטער פון לאנד צו קומען צו הילף די מיינער; זיי דערלאזן אפילו ניט קיין רעליף ארבעט פאר די מיינער, וואס שטייען אונטער׳ן פייער פון שוידערלאכסטן טערארר, אנגעפירט פון דער רעגירונג און קאמפאני נארילאס, אין אהייא, פענסילווייניע און קאלארעדא.

א פארניכטנדע אינדזשאנקשאן מגפה באדראט די ארבעטער פון גאנצן לאנד. ווען מען זאל באטראכטן די איצטיקע אינדזשאנקשאנס, פון אזא ריכטער ווי שונמייקער, קעגן די מיינער אין פענסילווייניע, וועט מען זען, אז די אינדזשאנקשאנס פון א דאהערטי אדער פאלמער קעגן מיינער און אייזנבאן ארבעטער אין 1919־1922, זיינען געווען ניט מער ווי דאקומענטן וואס האבן די ארבעטער „דערמוטיקט“ צום קאמף.

די פראגראם פון די קאפיטאליסטן איז קלאר. אויף אזוי פיל אויף וויפיל אפילו די קאנסערוואטיווסטע יוניאנס באשטימען



א בעסערן לעבנס־סטאנדארד פאר די ארבעטער, ווילן זיי עס פארניכטן. זיי ווילן פארניכטן אפילו די אפגעשטאנענסטע, פארשימלטע קרעפט יוניאנס. אין דערזעלבער צייט שטעקן די לייבאר ביוראקראטן ניט אריין קיין פינגער אין קאלט וואסער צו רופן די ארבעטער צו א ווידערשטאנד קעגן די קאפיטאליסטישע פארשווערער. אט די פאליסי, וואס קאסט שוין די ארבעטער אזוי טייער, העלפט פאקטיש די באלעבאטים צושמעטערן די בראווסטע קעמפער, ווי דער ביישפיל ווייזט מיט די ניו יארקער נאדל טרייד יוניאנס. וואל, גרין און זייער גלייכן פלאנעווען אונטערצוגעבן אלע רעכטן, וואס די ארבעטער האבן געוואונען אין לויף פון פילע יארן ביטערן קאמף.

אין אט דעם פארראט שפילט די אפיציעלע פירערשאפט פון דער סאציאליסטישער פארטיי אן אקטיווע און ענטוזיאסטישע ראלע. די אזוי גערופענע סאציאליסטן העלפן — און גאנץ אפט ווייזן זיי דעם וועג — ארויסצוווארפן די קעמפנדע ארבעטער און קאמוניסטן פון די יוניאנס. זיי סאבאטאזשעווען יעדן פארזוך צו אנטוויקלען א לייבאר פארטיי, אדער צו ארגאניזירן א פאראייניקטן וואל־צעטל פון די ארבעטער אין די קומענדע פרעזידענט־עלעקשאנס.

נאר זאל קיינער ניט טראכטן אז עס זיינען ניטא קיין אורזאכן פאר אפטימיזם. עס ווייזן זיך אלץ מער סימנים פון וואקסענדן קאמף. דער העראאישער קאמפס־גייסט פון די מיינער, נאך א יאר ביטערן שטרייט, ווייזט אז עס איז פאראן גענוג ווידערשטאנדס־קראפט און קעמפנדער לעבן אין די ארבעטער־מאסן. די גייסטרייכע אנטשלאסנקייט פון די נאדל־טרייד ארבעטער און זייערע פירער אין לינקן פליגל, ווייזן, אז די ארבעטער וועלן קעמפן ביז צום סוף, כדי צו ראטעווען זייערע יוניאנס. די וואקסנדע סימפאטיע פאר׳ן סאוועטנפארבאנד אין די רייען פון די אמעריקאנער ארבעטער — ניט קוקנדיק אויף די קאמפאניעס פון פארלוימדונגען און טעראר מצד גרין און וואל — אז א האפנונגספולער אנדייט. און צום סוף איז פון גרויס וויכטיגקייט דאס קראכן פון די וואנזיניקע הויך־פינאנציעלע באנקמאכינאציעס פון דער בראדערהוד אוו לאקאמאטיוו אינזשענערן, וואס האט אפגעקילט די היץ אפילו ביי די הייסעסטע אנהייגער פון לייבאר באנקן און זייערע קלאסן־שלום מאכינאציעס.

צווייטער קאפיטל:

# די פאליטישע פארטייען און זייער ראלע

לאמיר געדיינקען וואס מיר האבן ביז איצט גערעדט, און אונטערזוכן די פאליטישע פארטייען. וואס זיינען זיי אזוינס? צוליב וואס זיינען זיי דא?

ערשטנס, מוז מען פארשטיין, אז פאליטישע פארטייען זיינען ניט קיין צופעליקע חברות, וואו עס קומען זיך צוזאמען איינצלנע מענטשן. פאליטישע פארטייען זיינען די כחות און וואפן פון קלאסן־מלחמה. וו צעטומלט עס זאל ניט זיין, פאליטיש, די מיטגלידערשאפט און אפילו א טייל פירער פון א פאליטישער פארטיי; ווי צוריקגעשטאנען עס זאלן ניט זיין די נאכפאלגער פון א וועלכער ניט איז פאליטישער פארטיי, איז א פאליטישע פארטיי דאך דער טרייב־כח פון קלאסן־מלחמה. די פאראייניקטע שטאטן האט פארטייען, ביי וועלכע דער כאראקטער, די פארם און די סטרוקטור איז באשטימט געווארן דורך די ספעציפישע, אביעקטיווע באדינגונגען אין לאנד. טאקע דערפאר זעען מיר ביי אונז אין לאנד געוויסע פאליטישע דערשיינונגען, וואס זיינען אינגאנצן אנדערש פון די דערשיינונגען אין די אייראפייאישע לענדער.

די רעפובליקאנער פארטיי מיט איר רעגירונגס פערסאנאל, אירע נאכפאלגער און פירערשאפט, וואלט אין אזא לאנד ווי פראנקרייך געווען צוטיילט אפשר אין דריי פארטייען; אין א לאנד ווי דייטשלאנד אדער טשעכאסלאוואקיע, וואלט זי מעגלאך געווען צוטיילט אין פיר פארטייען. איז די פאראייניקטע שטאטן האבן מיר אין איין רעפובליקאנישע פארטיי מר. קולידזש, מר. נאררים, מר. בארא, מר. לאפאלעט, מר. דאוז און די באקאנטע וועיר און סמיט. אין דער רעפובליקאנישער פארטיי זיינען די גרויס־קאפיטאליסטישע אינטערעסן, די הערשנדע ריכטונג, פארטראטן דורכ'ן קולידזש'ן. אין דערזעלבער צייט ווערן די קליינבירגערלאכע אינטערעסן, פארטראטן דורך בארא, נאררים און לאפאלעט, פאררוקט אין הינטערגרונט.

וואס זיינען די ספעציפישע אמעריקאנער באדינגונגען, וואס שאפן אזא ווידערשפרעכלאכע לאגע אין איין פאליטישער פארטיי? די צוויי פונדאמענטאלע באדינגונגען זיינען:



1. אין אמעריקע זיינען ביז מיט עטלאכע יאר צוריק די קלאסן־ליניען פארהעלטניסמעסיק ניט געווען שארף און די קלאסן־צוטיילונגען זיינען געווען אין אן אומבאשטימטן צושטאנד. דאס איז פארוואס די פאליטישע פארטייען שליסן איין אין זיך, ביז א געוויסן גראד, ברייטערע קרייזן; דאס איז גערעדט אין דעם זין, וואס זיי דריקן ניט אויס אזוי שארף ווי אייניקע אייראפייאישע קאפיטאליסטישע פארטייען, באשט־מטע קלאסן־אינטערעסן און בלייבן דאך אין לעצטן סך הכל פארטייען, וואס רעפרעזענטירן מיט זיך פונדאמענטאלע קלאסן־אינטערעסן.

2. די סטרוקטור פון דער רעגירונג פון די פאראייניקטע שטאטן איז געבויט אויף דער צוויי־פארטייאישער סיסטעם. חבר לענין, אנאליזירנדיק די וואלן וואס זיינען געהאלטן געווארן אין די פאראייניקטע שטאטן אין 1912 און עקזאמינירנדיק די רוזוועלט באוועגונג, האט געזאגט:

„אט די צוויי־פארטייאיקע סיסטעם איז איינע פון די מעכטיקסטע מיטלען ניט צו דערלאזן צו ארגאניזירן א זעלבסטשטענדיקע ארבעטער פארטיי."

מען קאן נאך צוגעבן, אז די צוויי־פארטייאיקע סיסטעם האט געהינדערט דאס ארגאניזירן וועלכע ניט איז מינאריטעט פארטייען. דאס איז דערפאר, וואס טיילווייזע אינטערעסן פון געוויסע גרופן, אין צייטן ווען די קלאסן־ליניען זיינען ניט גענוג שארף, קריגן לאקאלן אויסדרוק אין די ראמען פון די רעפובליקאנישע און דעמאקראטישע פארטייען.

אין די לעצטע 25 יאר האט זיך די צוויי־פארטייאיקע סיסטעם א טרייסל געטאן בלויז צוויי מאל: איינמאל אין 1912, פון וואס עס איז ארויסגעוואקסן די רוזוועלט שפאלטונג אין דער רעפובליקאנישער פארטיי; דאס צווייטע מאל אין 1924, וואס האט זיך קולמינירט אין דער לאפאלעט באוועגונג, וועלכע האט געצויגן די גרעסטע צאל שטימען, וואס וועלכע ניט איז מינאריטעט פארטיי האט ווען עס איז געצויגן אין די פאראייניקטע שטאטן. דאס איז געווען א פארזוך פון די קליינבירגערלאכע עלעמענטן, אין און אויסער דער רעפובליקאנישער פארטיי, צו נעמען אויף זיך די פירערשאפט ניט בלויז פון די ארבעטער, נאר פון גאנצן לאנד.

די טענדענץ פון די נייע אנטוויקלונגען אין די לעצטע יארן

און די ענדערונגען אין די קלאסן־באציאונגען, איז אונטערצוגראבן די צוויי־פארטייאיקע סיסטעם. די דאזיקע סיסטעם פארבלייבט אבער אן אינטעגראלער (ניט צוטיילבארער, צונויפגעוואקסענער) טייל פון דער רעגירונגס סטרוקטור. די דאזיקע סיסטעם מוז ארונטערגעריסן ווערן און זי קאן געבראכן ווערן בלויז דורך א פארבאנד פון ארבעטער און עקספלואטירטע פארמער. אויף אזוי פיל אויף וויפיל וועלכע ניט איז באוועגונג, אדער כח, טרייבן צום איבערברוך אין דער צוויי־פארטייאיקער סיסטעם אין די פאראייניקטע שטאטן, איז אזא פארבאנד א פראגרעסיווער כח, א פראגרעסיווע באוועגונג, כאטש צייטווייליק וועט עס אוועקשטעלן נייע געפארן אין וועג פון די ארבעטער.

כדי צו דערגרייכן דעם צוזאמענברוך פון דער צוויי־פארטייאיקער סיסטעם מוזן די ארבעטער און עקספלואטירטע פארמער ארגאניזירן אן אייגענע קלאסן־פארטיי, און אפילו ניט אין מינדעסטן פארלאזן זיך אויף גוטע מענטשן פון די קליינבירגער, אויף די אזוי גערופענע פראגרעסיסטן, רעפובליקאנישע אינסורגענטן, אדער אויף א דריטער קאפיטאליסטישער פארטיי.

## די רעפובליקאנישע פארטיי

די רעפובליקאנישע פארטיי איז, פשוט גערעדט, די פארטיי פון די גרעסטע קאפיטאליסטישע אינטערעסן אין לאנד. זי באהאלט עס אפילו ניט. אלץ ווינציקר און ווינציקער זוכט זי צו מאכן דעם איינדרוק, אז זי פארטרעט דאס גאנצע פאלק. וואל סטריט אינדארסירט אפן קולידזש'ן, און קולידזש באגריסט יעדע הילף פון וואל סטריט. „וואל סטריט און ,ביג ביזנעס' וועלן ווארשיינלאך ניט געפינען קיין איינעם. וועמען זיי וועלן האבן מער גערן, ווי קולידזש'ן," זאגט די „ווארלדס ווארק" פאר אקטאבער, 1927 (זייט 577).

פון 1922 ביז נאוועמבער 1924, האבן די קליינבירגער פון שטאט, און אין א גרויסער מאס די פארמער מאסן, פארלאזן אין גרויסע צאלן די רעפובליקאנישע פארטיי. נאך לאפאלעט'ס נידערלאגע, האט זיך דאס קליינבירגערטום אומגעקערט צוריק אין די רעפובליקאנער רייען. זיי זיינען געשטאנען אין דער רעפובליקאנישער פארטיי און האבן ערשט ניט לאנג צוריק, ווען עס איז פארשארפט געווארן די אגריקולטורעלע און אינדוסטריעלע לאגע,



ווידער געוויזן סימנים צו דעזערטירן. ווען מיר אונטערזוכן דעם נאררים־בארא אינסורגענטן בלאק, ווערט אלץ פארשטענדלאכער די וויכטיקייט פון דער דאזיקער אנטוויקלונג.

די רעפובליקאנישע פארטיי האט געהאט דריי הויפט שטופן פון אנטוויקלונג. אין א געוויסער צייט איז זי געווען א קעמפנדע פארטיי פאר סאציאלן פראגרעס. דאס איז געווען די ערשטע שטופע. אין יענער צייט האבן די ארבעטער געשפילט א באדייטנדע ראלע אין איר און האבן געהאלפן איר אנטוויקלונג. אין אט דעם פעריאד איז די היסטארישע מיסיע פון דער רעפובליקאנישער פארטיי געווען צו שטיצן די אנטוויקלונג פון קאפיטאליזם און צוליב דעם קעמפן קעגן נעגער־שקלאפעריי.

די צווייטע שטופע אין דער אנטוויקלונג פון דער רעפובליקאנישער פארטיי איז געווען צו העלפן אנטוויקלען דאס לאנד אינדוסטריעל און פינאנציעל, צו פארפעסטיקן זיך אלס די מעכטיקסטע קאפיטאליסטישע מלוכה אין דער וועלט. אין אט דעם פעריאד איז דאס געווען די פארטיי פון א „פולער שיסל" („פול דינער פעיל") און „פראספעריטי" — די פארטיי פון באוואוסטזיניקער אנטוויקלונג און אפענער געהארכזאמקייט צו די גיגאנטישע אינדוסטריעלע און פינאנציעלע אונטערנעמונגען.

איצט איז די רעפובליקאנישע פארטיי אין איר דריטער און לעצטער סטאדיע. זי טרעט אפן און אומפארשעמט ארויס ווי די אגענטור פון קאפיטאליסטישן מאנאפאל, און איר הויפט מיסיע איז צו דערהאלטן די עקזיסטירנדע פארהאנדקעס און אויפצוהאלטן דעם אויבערשטן שיכט פון דער בורזשואזיע, אלס הערשנדן קלאס. דער אמת'ער לאזונג פון דער רעפובליקאנישער פארטיי אין איצטיקן מאמענט איז: „שאקל ניט די שיף". (דאנ'ט ראק די באוט"). יעדער איינער, וואס מאכט נאר וועלכן ניט איז פארזוך צו ענדערן די עקזיסטירנדע לאגע, שאקלט די שיף פון קאפיטאליסטישער פראספעריטי.

איז אבער די רעפובליקאנישע פארטיי אויסגעגאסן פון איין שטיק? זיכער ניט! אין דער דאזיקער פארטיי זיינען פאראן די גרויס האנדלס־אינטערעסן פון מיטל־אטלאנטישע און מזרח שטאטן און פון דער מידל־וועסט; געוויסע שיכטן פארמער פון דער מידל־וועסט און אפילו קליינבירגערלאכע עלעמענטן פון די ווייטע מערב־שטאטן. די פירערשאפט, וואס ליגט אין די הענט

פון די גרויס־קאפיטאליסטן, ווערט נאך אומצווייפלהאפט פון קיינעם ניט געטשאלענדזשט. דא און דארטן מעג זיך עמיצער פארמעסטן מיט אן ארויסרוף. עס איז אויגנשיינלאך, אז די ווידערשפרוכן אין קאפיטאליסטישן קלאס שפיגלען זיך אפ אינוויניק פון דעם קאפיטאליסטישן קלאס גופא, און דערפאר קומען זיי צום אויסדרוק אין דער רעפובליקאנישער פארטיי. די גרויס־קאפיטאליסטן זיינען נאך אבער אלץ בכח אנצוהאלטן זייער פירערשאפט איבער דער ריזיקער מערהייט פון קליינבירגער, פארמער און ארבעטער מאסן. ניט קוקנדיק אויף דער גאנצער הילף, וואס די ביוראקראטן פון דער אמעריקען פעדערייזשאן אוו לייבאר האבן געגעבן דער דעמאקראטישער פארטיי, האט אבער די רעפובליקאנישע פארטיי נאך אלץ מער ארבעטער נאכפאלגער, ווי די דעמאקראטן.

## די דעמאקראטישע פארטיי

די דעמאקראטישע פארטיי איז געבארן געווארן און זיך אנטוויקלט אין א צייט ווען זי איז געוועזן דער ארגאן און איז געווארן דער קלאסן־געוועער פון יענע כחות אין לאנד, וואס האבן געקעמפט קעגן פעדעראליזם, קעגן דער עטאבלירונג פון א מעכטיקער צענטראליזירטער רעגירונג. אין יענער צייט האט די דעמאקראטישע פארטיי געהאט דורכצופירן א קאנסטרוקטיווע פונקציע אין דער אנטוויקלונג פון די פאראייניקטע שטאטן.

עס איז געקומען דער בירגער־קריג. וואס איז דאן געוועזן די פאזיציע פון דער דעמאקראטישער פארטיי און איר באציאונג צו דער פראגע פון נעגער שקלאפעריי? ניט קוקנדיק אויף די געענדערטע סאציאלע באדינגונגען, איז זי דאך באשטאנען אויף דאס שטאטס־רעכט פון יעדן שטאט באזונדער, און איז פאקטיש געווארן די פארטיי וואס האט פארטיידיקט שקלאפעריי, קעגן די העכערע פארמען פון קאפיטאליסטישער אנטוויקלונג.

זינט דאן זיינען די קאנדידאטן פון דער דעמאקראטישער פארטיי ניט דערוויילט געווארן קיין איין מאל פאר פרעזידענט פון די פאראייניקטע שטאטן. (מיט'ן אויסנאם פון דער צייט ווען זי האט געקראגן א געלעגנהייט דורך דעם אויפשוואונג פון דער פאפוליסטישער פארטיי און די צוטיילונג וואס די רוזוועלט־באוועגונג האט אריינגעטראגן אין די רעפובליקאנער רייען.) אין



1920 זיינען בלויז 127 פון 531 עלעקטאראלע שטימען אפגעגעבן געווארן פאר'ן דעמאקראטישן פרעזידענט־קאנדידאט: אין 1924 זיינען 130 שטימען אפגעגעבן געווארן פאר די דעמאקראטן.

די דעמאקראטישע פארטיי איז איינע פון די אמעריקאנער מערקווירדיקייטן פון קלאסן־אויסדרוק. פונדאמענטאל פארטרעט זי די זעלבע אינטערעסן ווי די רעפובליקאנישע פארטיי, מיט דעם, וואס זי שטייט אומקאמפראמיסלאך פאר דער קאפיטאליסטישער סיסטעם. איינער פון די פירנדע גייסטער אין דער רעפובליקאנישער פארטיי האט ניט לאנג צוריק עדיטאריעל דערקלערט אין „ווארלדס ווארק“: „מענטש צו מענטש, אויג אויף אויג וויים יעדער איינער, אז די רעפובליקאנישע און דעמאקראטישע פארטייען האבן ניט קיין פונדאמענטאלע אונטערשיידן.“ דאס איז דער ריינער אמת. מיר דארפן דאס אבער ניט אויפנעמען אויבערפלעכלאך. עס זיינען פאראן געוויסע אונטערשיידן צווישן דער רעפובליקאנישער און דעמאקראטישער פארטיי. די דאזיקע אונטערשיידן ווערן אבער אלץ ווינציקער און ווינציקער.

די דעמאקראטישע פארטיי איז א קאאליציע פון פארשידענע אפאזיציאנעלע עלעמענטן אינוויניק פון דער בורזשואזיע; נאר זי פארמאגט אזא מין צוגאנג צו די ארבעטער מאסן פון לאנד, וואס איז אנדערש ווי דער צוגאנג פון דער רעפובליקאנישער פארטיי. זי פאזירט נאך אלץ דא אדער דארטן, הויפטזאכלאך אויף לאקאלע אישוס, אלס פריינט פון די ארבעטער. די רעפובליקאנישע פארטיי האט שוין אפילו אנגעווארן דעם לאזונג פון א „פולער שיסל“. זי בארימט זיך איצט מיט גרויסע דיווידענדן, הויכע אייזנבאן פראפיטן, ריזיקע סטאק בירזשעס און פראספעריטי. זי פרובירט אפילו ניט מאכן דעם איינדרוק, אז זי אפעלירט צו די ארבעטער, אויף אזוי פיל כאטש ווי די דעמאקראטישע פארטיי. געוויס איז דאס אפעלירן פון דער דעמאקראטישער פארטיי צו די ארבעטער ניט מער ווי אנשטעל; די רעפובליקאנישע פארטיי האט אבער דעם אנשטעל אויך פארלארן.

אין דער דעמאקראטישער פארטיי געפינען מיר די ניו־יארקער ארגאניזאציע, טעמעני. זי פארגרעסערט איר איינפלוס און פארפעסטיקט אירע סטראטעגישע פאזיציעס. היינט איז טעמעני דער ארגאן פון גרויס־קאפיטאל און איז אין לעצטן סדר־הכל אזוי לאיאל צו די גרויס־קאפיטאליסטישע אינטערעסן, ווי

עס איז די יונייטעד סטייטס סטיל קארפאריישאן. די סאלידע סאוט איז דער באדן, וואו עס עקזיסטירט א דעמאקראטישע פארטיי, וואס פונקציאנירט ווי א קעגנזעצלאכע איינהייט פון דער רעפובליקאנישער פארטיי. אבער מיט'ן פאראויסגאנג פון דער דרום'דיקער אינדוסטריאליזאציע ווערט פארשוואונדן דער סאלידער פונדאמענט פאר דער עקזיסטענץ פון א דעמאקראטישער פארטיי אין דער סאלידער סאוט. אין דער וועסט באשטייט דער כח פון דער דעמאקראטישער פארטיי פון פאפוליסטישע רעשטלא און געוויסע סעקציעס קליין־קאפיטאליסטן, איינגעבארענער וועסטלאכער קאפיטאל, אויב מען קאן עס אזוי אנרופן. וואס קעמפט קעגן דער באהערשונג פון די גרויס־פינאנסירן און גרויס־אינדוסטריאליסטן פון דער איסט.

אין ניו ענגלאנד איז ניטא קיין אונטערשייד צווישן דער דעמאקראטישער און רעפובליקאנישער פארטיי. דארט באגעגענען מיר אזעלכע דעמאקראטישע טיפן ווי סענאטאר בעיארד און דעם פארשטארבענעם אלטאן ב. פארקער, וועלכער איז אמאל געווען דער דעמאקראטישער פרעזידענט־קאנדידאט. דער לעצטער אטעם־צוג פון ליבעראליזם, ווי א לעבעדיקער כח אין דער דעמאקראטישער פארטיי, האט זיך אויסגעשפיגלט אין דער לעצטער ווילסאן אדמיניסטראציע, וועמעס טראדיציעס עס ווערן נאך כלומרשט אויפגעהאלטן און עקספלואטירט, פאר אינערלאך פארטייאישע צוועקן, פון אזעלכע עלעמענטן ווי גאווערנאר דאהעני און עקס־סענאטאר פאמערין פון אהייא און ניוטאן די. בייקער.

ווען עס וועט אויסוואקסן די ערשטע גרויסע פונדאמענטאלע אישו אין דעם לאנד, וועט די דעמאקראטישע פארטיי, צוליב איר ניט־איינהייטלאכן צוזאמענשטעל, צוליב אירע ווידערשפרעכנדיקע קלאסן־אינטערעסן, — אדער אויסמיידן די אישו אויס מורא פאר פאנאנדערפאל, אדער זי וועט אפגעווישט ווערן, צוליב דעם וואס זי האט ניט גענומען קיין קלארע פאזיציע. דאס וועט אריינשפארן א טיפן קלין אין דער דעמאקראטישער פארטיי. עס וועט איר שפאלטן און פאראליזירן איר איינפלוס א היבש ביסל.

עס זיינען אבער פאראן געוויסע כחות, וואס האלטן נאך צוזאמען די דעמאקראטישע פארטיי. מען דארף ניט חוזק'ן איבער דעם, וואס דא אין לאנד זיינען נאך די טראדיציאנעלע געוואוינ־



הייטען פון שטימען א מעכטיקער פאקטאר. אין די קליינע שטעטלאך איז די פאליטישע טראדיציע נאך אזוי פעסט, אז א דעמאקראטישער פאטער ברייננט אויף דער וועלט א דעמאקראטישן זון און א רעפובליקאנער זיידע לאזט איבער בירושה א רעפובליקאנער איניקל. דאס גיט א געוויסן טייל כח דער דעמאקראטישער פארטיי. נאר אפילו אין דעם פרט פון טראדיציע ווערט די דעמאקראטישע פארטיי צעריסן אויף שטיקער. די דעמאקראטן אין דער סאוט און וועסט דוכען אויף זייערע טראדיציאנעלע העלדן דזשעפערסאן און דזשעקסאן. אויב מיר קומען נעענטער צו די שטאטן ביים אטלאנטישן ים־ברעג, וואס שטייען מיט'ן פנים צו אייראפע, איז די דעמאקראטישע טענדענץ צו באוואונדערן ווילסאנען. צווישן דער דזשעפערסאנישער אגרארישער דעמאקראטיע, ביז דער ווילסאנישער אימפעריאליסטישער דעמאקראטיע, איז א תהום, איבער וועלכן מען קאן קיין בריק ניט אויפבויען.

צווייטנס, מוז מען גערדיינקען, אז די סאוט האט נאך ניט אינגאנצן אויסגעלעבט די שנאה צו דער מיליטערישער דיקטאטור פון די צפון'דיקע ארמייען. וואס האבען געהערשט באלד נאכ'ן בירגער־קריג. פארשטייט זיך אויך, אז די פראגע פון פאטראנאזש, א שטעלע אין אן אפיס, איז אלעמאל א שטיקל כח, וואס העלפט פארזעצן די עקזיסטענץ פון דער דעמאקראטישער פארטיי. און דערצו נאך מוז מען האבן אין זינען, אז דער פאקט אליין וואס עס איז פאראן א צוויי־פארטייאיקע סיסטעם, האלט אויף דאס לעבן פון דער דעמאקראטישער פארטיי, כאטש ניט ווי קיין הערשענדע פארטיי, נאר ווי אן אפאזיציע.

שנאה, ווידערווילן און דוכען איבער עלטער־פאטערס, קאן קיינמאל ניט דינע ווי א פונדאמענט פאר א פאליטישער פארטיי. זינט דעם בירגער־קריג איז געווען בלויז איין פרעזידענט, וואס האט אנגעהאלטן דעם אפיס אכט יאר נאכאנאנד. דאס איז געווען ווילסאן. און ווילסאנ'ס דערוויילונג אין 1916 איז כמעט א צופאל. וואלט יוז געקראגן נאך עטלאכע שטימען אין קאליפארניע, וואלט ווילסאן קיינמאל ניט געווארן פרעזידענט פאר א צווייטן טערמין.

אייניקע פון די פירנדע רעפובליקאנער דערקלערן, אז עס איז מער ניטא קיין עקזיסטענץ בארעכטיקונג פאר דער דעמאקראטי־

שער פארטיי. דאס איז אייגנטלאך ניט אינגאנצן ריכטיק. עס איז נאך אלץ דא א בארעכטיקונג, כאטש וואס ווייטער האלט עס אין איין פארשווינדן. עס בלייבט א פאקט, אז די קליינבירגערלאכע און טיילן פון די אגריקולטורעלע מאסן, וואס זיינען קליינבירגערלאך אין זייער אידעאלאגיע, געוויסע מיטעלע קאפיטאליסטן און א טייל גרויסע קאפיטאליסטן, זעען נאך אלץ אין דער דעמאקראטישער פארטיי א געווער אין קלאנסקאמף. דאס קאן מען זען קלארער אויף א לאקאלן מאסשטאב, וואו די קלאסן־אישום ווערן ניט אלעמאל שארף אויסגעקעמפט, ווי אין פאל פון נאציאנאלע אישום.

דעם דאזיקן פאקטאר מוז מען צושרייבן דאס, וואס די דעמאקראטישע פארטיי, מיט איר צוקונפט הינטער זיך, האט נאך איצט 47 סענאטארן פון די 96, 48 גאווערנארס פון שטאטן און 194 קאנגרעסלייט פון די 445, וואס זיינען פאראן אין קאנגרעס.

די דעמאקראטישע פארטיי היינט צו טאג איז א שפיגל פון ווידערשפרוכן און קאנפליקטן. די טענדענץ פון די דעמאקראטן אין דער סאוט איז צו פארגעסן זייער ירושה־געוואוינהייט. טיילן פון זיי, די ארעמערע, הויבן אן צו קוקן אויף זיך ווי אפגענארטע, אומצופרידענע פארמערס. די רייכערע ווידער, די וואס רעפרעזענטירן די וואקסנדע אינדוסטריעלע אינטערעסן, הויבן אן צו קוקן אויף זיך ווי אויף בליענדע קאפיטאליסטן. די דאזיקע דערשיינונג קאן בלויז פירן צו דער פאנאנדערלייגונג פון דער דעמאקראטישער פארטיי און צום פונדאמענטאלן איבערבוי אין פאליטישן לעבן פון אמעריקע.

עס איז פאראן בלויז איין פראבלעם אין וועלכער עס איז פאראן א טענדענץ פון איינשטימיקייט אין די רייען פון דער דעמאקראטישער פארטיי. דאס איז די פראגע פון א וועלטגעריכט. עס איז אין דער דעמאקראטישער פארטיי ניטא קיין איינשטימיקייט איבער דער פראגע פון פראהיבישאן. סמיט איז נאס; מעקאדו איז טרוקן. איבער דער פראגע פון טאריפן וואקסן די אונטערשיידן און סתירות. אלע דעמאקראטן שטימען אבער איין, אז דאס לאנד דארף האבן גוטע וועגן (שאסייען). עס איז ווארשיינלאך, אז די דעמאקראטישע פארטיי וועט אויסגעפינען, אז ניט אלע גוטע וועגן פירן צום ווייסן הויז; און אז אפילו ניט



אזעלכע אגענטן פון טוגנד ווי פראהיבישאן און די קאטוילישע קירך קאנען אויך גארניט העלפן.

## די סאציאליסטישע פארטיי

לאמיר אונטערזוכן די סאציאליסטישע פארטיי באלד נאך די דעמאקראטן און רעפובליקאנער, ווייל זי איז אמנאענטסטן צו די דאזיקע צוויי פארטייען.

די סאציאליסטישע פארטיי איז אויך ניט קיין גלייכארטיקע, איינהייטלאכע פארטיי. מיר רעדן דא ניט וועגן דער סאציאליסטישער פארטיי ווי וועגן אן ארגאניזאציע. אויסער ניו יארק, וואו דער רעאקציאנערער „פארווערטס“ האט טויזנטער דאלאר ארויסצוואווארפן; חוץ מילוואקי, וואו עס איז נאך אלץ פאראן א סאציאליסטישע שטאט אדמיניסטראציע און אן אזוי גערופענע סאציאליסטישע צייטונג „די לידער“, עקזיסטירט אין ערגעץ ניט קיין ארגאניזאציע פון דער סאציאליסטישער פארטיי. מיר ריידן דא וועגן דער נאכפאלגערשאפט פון דער סאציאליסטישער פארטיי, פון דער האלבער און כמעט־סאציאליסטישער אידעאלאגיע, וואס איז נאך א שטיקל כח, מיט וועלכן מען דארף זיך רעכענען ביי אונז אין לאנד.

אינווייניק פון דער סאציאליסטישער פארטיי זיינען פאראן דריי טיילן, וואס מישן זיך אויס איינע אין דער צווייטער. פונדאמענטאל זיינען זיי ניט פארשידן איינע פון דער אנדערער. איין שטראם געהערט צו די אלטע דעבס נאכפאלגער; דאס זיינען די רעשטלאך פון די אלטע סאציאליסטן, וואס האבן נאכגעפאלגט די סאציאליסטישע פארטיי ווי א פארטיי פון פראטעסט.

צווייטנס, איז אין די ראמען פון סאציאליסטישן איינפלוס אריינגערעכנט דער טייל פון פרעמד־שפראכיקע ארבעטער, וואס איז נאך פאליטיש שטארק אפגעשטאנען און לאזט זיך נאך באהערשן און קאנטראלירן פון די פרעמד־שפראכיקע טרייד־יוניאן ביוראקראטן און פון דער „פארווערטס“־מאשין.

דריטנס, האבן מיר איז די איינפלוס־ספערן פון דער סאציאליסטישע" פארטיי געוויסע לויזע טיילן פון קליינבירגערטום. אין דער קאטעגאריע זיינען אויך איינגעשלאסן געוויסע ליבעראלן. געוויסע ליבעראלע דאמאקראטן פון דעם טיפ ווי פרענק פ. וואלש, געוועזענער טשערמאן פון דער קאמישן אן אינדאסטריאל ריליי־

שאנס, האט אמאל אפגעגעבן זיין שטימע פאר דעבס'ן. אין וויסקאנסין האט די רעפובליקאנישע פארטיי, געפירט פון לאפאלעט'ן, און די סאציאליסטישע פארטיי, געפירט פון בערגער'ן, מער ווי איין מאל זיך פארבונדן איז צייט פון די וואלן. אין דער פארגאנגענהייט האט זיך אין דער סאציאליסטישער פארטיי געפילט אן אפאזיציע צו אזעלכע עלעקשאן פארבאנדן. איצט אבער וואלט יעדער קעגנער צו פארבינדן זיך מיט לאפאלעט'ן אין די וואלן, ווארשיינלאך באצאלט מיט זיין פארטיי־מיטגלידערשאפט אין מילוואקי. אפיציעל וועט די סאציאליסטישע פארטיי אפשר נִיט אננעמען די דאזיקע פאליסי, אבער אין לעבן פראקטיצירט זי עס. דאס וואס וויקטאר בערגער איז ניט לאנג צוריק דערוויילט געווארן אלס טשערמאן פון דער סאציאליסטישער פארטיי, איז א קלארער באווייז, אז די ס. פ. האט פארלארן דעם לעצטן פייגנבלאט — די קעמפנדע דעבס טראדיציע — וואס האט אמאל צוגעדעקט איר וואולגארן אפארטוניזם און קאמופלאזשעוועט איר סאציאל־רעפארמיזם.

די דערוויילונג פון וויקטאר בערגער אלס טשערמאן פון דער סאציאליסטישער פארטיי באווייזט, אז די ס. פ. איז אינגאנצן אוועק אויפ'ן וועג רעכטס. היינט איז די סאציאליסטישע פארטיי אן אינטעגראלער (צונויפגעוואקסענער) טייל פון דער טרייד יוניאן ביוראקראטיע, פון דער אפיציעלער רעאקציאנערער פירערשאפט פון דער אמעריקען פעדערעישאן אוו לייבאר, וועלכע איז פון איר זייט אן ארגאנישער אינסטרומענט פון דער אימפעריאליסטישער קליקע, וואס דאמינירט דאס אמעריקאנער פאליטיש און עקאנאמיש לעבן.

לאמיר א ווארף טאן א ביסל ליכט אויף אייניקע פון די לעצטע דערקלערונגען פון דער סאציאליסטישער פארטיי און אירע פירער, וועלן מיר דערזען דעם אמת'ן פרצוף פון דער דאזיקער ארגאניזאציע, וועלכע פרעטענדירט נאך אלץ צו ריידן אין נאמען פון די ארבעטער. אין א דערקלערונג וואס עס האט ארויסגעלאזט די נאציאנאלע עקזעקוטיווע פון דער סאציאליסטישער פארטיי, געדרוקט אין „ניו לידער“ פון אקטאבער דעם 22טן, 1927, געפינען מיר דאס פאלגנדע:

„די צוויי קאפיטאליסטישע פארטייען האבן ניט קיין פראגראם



און זוכן ניט קיין פראגראם. זיי האבן ניט קיין אישוס און זיי באהאלטן זיך פון אמת'ע אישוס. זיי שלעפן זיך נאך דער סיסטעם, וואס זיי פארטרעטן, און עס גייט זיי בלויז אן די געזעלשאפטלאכע מאכט און זייער פארטיי־רויבעריי.

„אין דעם פלאנטער פון פראבלעמען, וואס שטייען פאר'ן פאלק, מוזן מיר באגייסטערן די מאסן און ארבעטער צו באנוצן זייער פאטענציעלן כח, פאר דער נויטענדיקייט פון געמיינזאמער פאליטישער אקציע, צו צוברעכן אלטע פארטיי באריערן, צו באוועגן זיי, ווי גרויסע ארמייען פון אויפגעקלערטע שטימען־אפגעבער, צו די שטימקעסטלאך, כדי ארויסצורייסן די מאכט פון די פלינדערער. די צייט איז רייף פאר א פאליטישער רעוואלוציע וואס זאל שאפן א דריטע פארטיי. די סאציאליסטישע פארטיי מוז טאן איר חוב אין דער ארבעט פון אויסבילדן, ארגאניזירן און זיך זארגן צו דערהויבן די באגייסטערונג וואס פירט צום ענדלאכן נצחון.“

דאס איז א פאטעטישע צעטומלעניש, צוליב וואס מען וואלט אויף דער ס. פ. געדארפט רחמנות האבן, ווען דער דאזיקער סטייטמענט וואלט ניט געליפערט נאך ווייטערע באווייזן, אז די פירערשאפט פון דער סאציאליסטישער פארטיי שיט באוואוסטזיניק זאמד אין די אויגן פון די ארבעטער, כדי זיי צו פארפירן און פארקריפלען זייערע קעמפנדע רייען.

צו דערציילן די אמעריקאנער ארבעטער, אז די רעפובליקאנישע און דעמאקראטישע פארטייען, די צוויי פארטייען פון קאפיטאליזם, האבן ניט קיין פראגראם, הייסט קארמען די ארבעטער מיט קרימינעלן שטות. די צוויי קאפיטאליסטישע פארטייען האבן א פראגראם, אן אויסגעשפראכענע קאפיטאליסטישע פראגראם, וואס איז געצילט קעגן ארבעטער־קלאס. צו ריידן צו די ארבעטער וועגן א פראבלעמען־פלאנטער וואס שטייט פאר'ן פאלק, אין א צייט ווען מען דארף ריידן וועגן די נויטן און פראבלעמען פון ארבעטער־קלאס, אלס א קלאס, איז פשוט'ער פארראט, פאר א פארטיי, וואס פרעטענדירט נאך כאטש פיל ווינציק אויף די לערען פון מארקס און ענגלס.

צו ריידן וועגן ברעכן די „ראמען פון אלטע פארטייען“, ברעכן די דיקטאטור פון די אלטע פארטייען און פארמירן „ברעד ליינס“ ביי די שטימקעסטלאך, הייסט פשוט זיין אזוי בלינד ווי א פלעדערמויז און טויב ווי א שטיין, צו די לעקציעס פון דער גרויסער ארבעטער רעוואלוציע אין רוסלאנד און צו די דער־

פארונגעז פון קלאסן־מלחמה אין די פאראייניקטע שטאטן.

צו ריידן וועגן א „פאליטישער רעוואלוציע פון א דריטער פארטיי" איז פשוט לעכערלאך. וואס פאר א דריטע פארטיי? א קליינבירגערלאכע אונטער באראס פירערשאפט? וועט בארא מאכן א רעוואלוציע? וואס פאר א רעוואלוציע וועט ער מאכן? אדער דארף עס זיין א לייבאר פארטיי, וואס זאל פאליטיש פאראייניקן אלע ארבעטער? און פארוואס קאן די סאציאליסטישע פארטיי ניט געבן מער ווי ליפן־דינסט צו דער פראגע פון א לייבאר פארטיי? פארוואס רעדט זי אלע מאל וועגן דער באוועגונג פון א לייבאר פארטיי מיט א פאראליזירטן צונג?

גאר לעצטנס האט די סאציאליסטישע פארטיי אנגעמאכט גרויס טומל איבער דעם דערפאלגרייכן קאמפיין וואס זי האט אנמגעפירט אין רעדינג, פענסילוויינע. וואס ברייגגט מיט זיך דער זיג אין רעדינג פאר די ארבעטער? אין דעם „לייבאר אדוואקייט", אפיציעלער ארגאן פון דער סאציאליסטישער פארטיי אין רעדינג, געפינען מיר אן עדיטאריעל, וואס דערקלערט טיילווייז די באציאונג פון דער סאציאליסטישער פארטיי. זאגט טיילווייז דער עדיטאריעל:

„נאכמער, די סאציאליסטן פארשטייען, אז זייער פאראנטווארטלאכקייט וועט זיין די זעלבע ווי פון די קאפיטאליסטישע באאמטע, און ניט ווי פון מיטגלידער פון דער סאציאליסטישער פארטיי... ווען עס וועט זיך האנדלען וועגן פארגרעסערן די גאסן אין די אריסטאקראטישע געגנטן, וועלן די גאסן וואו עס וואוינען ארבעטער קריגן אזוי פיל אויפמערקזאמקייט, לכל הפחות, וויפיל עס קריגן די אריסטאקראטישע געגנטן...

„עס זיינען פאראן איניקע זאכן וואס די סאציאליסטן אין רעדינג קאנען און וועלן דורכפירן. דאס האט גארניט צו טאן מיט'ן סאציאליזם אדער קאפיטאליזם. דאס זיינען זאכן וואס דער גראדער שכל פאדערט. דאס זיינען טעטיקייטן און פאליסיס וואס וועלן געווינען דעם ווייטערן צוטרוי פון זייערע ברידער לאנדסלייט."

דער עדיטאריעל וואס מיר האבן דא ציטירט רעדט וועגן ברידער לאנדסלייט, אנשטאט וועגן ברידער ארבעטער. עס רעדט וועגן באהאנדלען די גאסן פון די ארבעטער מיט דער זעלבער אכטונג ווי די אריסטאקראטישע גאסן. אויגנשיינלאך קאן קיינער ניט גאראנטירן, אז די סאציאליסטישע פארטיי וועט באהאנדלען די ארבעטער אזוי ווי זי וועט באהאנדלען די קאפיטאליסטן. טא



פארוואס זאלן די קאפיטאליסטן פאר זיי מורא האבן? טאקע דערפאר האבן זיי קיין מורא ניט.

דזשיימס דזש. מאורער, איינער פון די קאונסילמען וואס איז דערוויילט געווארן פון די סאציאליסטן אין רעדינג, האט, אדרעסירנדיק א סאציאלסיטישע פארזאמלונג אין ניו יארק, געזאגט:

„מיר וועלן די ארבעטער אין רעדינג געבן א טיפישע ארבעטער־רעגירונג. ווען אבער אין רעדינג וועט אויסברעכן א סטרייק, אין דער צייט וואס מיר זיינען אין מאכט, וועט דאס אייגנטום און לעבן פון קאפיטאליסטישן ארבעטסגעבער אפגעהיט און פארטיידיקט ווערן, אזוי ווי עס איז קיינמאל פריער ניט אפגעהיט געווארן".

דאס איז אן אויסדרוק וואס קומט פון די ליפן פון איינעם וואס געהערט צו די עלטסטע עלעמענטן אין דער סאציאליסטישער פארטיי. עס איז קלאר, אז דאס איז ניט קיין אויסדרוק פון א פארטיי, וואס רעדט בלויז פאר'ן ארבעטער־קלאס. דאס איז ניט קיין רעגירונג פון ארבעטער־קלאס. מאורער האט געהאט א געלעגנהייט צו זען אן אמת'ע רעגירונג פון ארבעטער־קלאס אין סאוועטלאנד און ער ווייסט אז דארט ווערן קיין קאפיטאליסטישע ארבעטסגעבער ניט פארטיידיקט. די רעשטלאך פון די קאפיטאליסטישע כחות ווערן ניט באשיצט, נאר ווערן אויסגעראטן. מען קאן ניט דערווארטן, אז די אדמיניסטראציע פון דער סאציאליסטישער פארטיי זאל איינפירן סאציאליזם אין רעדינג. מען האט אבער יא געמעגט דערווארטן פון דער זיגרייכער סאציאליסטישער פארטיי אין רעדינג, אז ניט געקוקט אויף דעם וואס זייערע ניט־ארבעטנדע לאנדסלייט וועלן טראכטן, ניט אכטנדיק אויף דעם וויפיל עס וועט איינגעריסן ווערן די אזוי גערופענע הייליקע, בורזשואזע מנהגים, ניט געאכט אויף דעם וויפיל עס וועט קאסטן דער גרויסער און קליינער בורזשואזיע — זאל יעדער שריט פון די סאציאליסטן זיין א שריט צו העלפן דעם ארבעטער־קלאס אלס א קלאס, וואס זאלן פארשטארקן די קלאסן־אינטערעסן פון ארבעטער און זאלן געשטויסן ווערן פאראויס. די סאציאליסטישע אדמיניסטראציע אין רעדינג גיט ניט דעם ארבעטער־קלאס אזעלכע האפנונגען.

אין דער ווירקלאכקייט איז די סאציאליסטישע פארטיי אין איניקע געגנטן גרייט אלץ מער און מער זיך צונויפצושמעלצן מיט

טיילן פון דער דעמאקראטישער פארטיי. אין ניו יארק שטימען א סך „סאציאליסטן" פאר אל סמית. דעריבער ווערט טאקע אלץ אפטער די דערשיינונג, וואס לאקאלע קאפיטאליסטישע בירגער קאמיטעס אינדארסירן אלץ אפטער געוויסע סאציאליסטישע קאנדידאטן. און דעריבער טאקע זיינען פאראן געהיימע אפמאכן, וואס די סאציאליסטן מאכן אין פארשידענע געגנטן אפילו מיט דער רעפובליקאנישער פארטיי.

פונדעסטוועגן, ניט קוקנדיק אויף איר רעאקציאנערער פירערשאפט, איז די סאציאליסטישע פארטיי נאך אלץ א פארטיי וואס איז אפגעזונדערט פון די צוויי גרויס קאפיטאליסטישע פארטייען. און אלס אזעלכע מוז זי באהאנדלט ווערן. היינט איז אין דער סאציאליסטישער פארטיי ניטא קיין פלאץ פאר א קלאסנבאוואוסטזיניקן ארבעטער, אדער פאר אן ארבעטער וואס פארמאגט כאטש א ביסל קלאסנשטאלץ. ווי א קעמפנדער כח פאר'ן ארבעטער־קלאס איז די סאציאליסטישע פארטיי טויט. ווי א כח צו העלפן דעם קאפיטאליסטישן קלאס פארנארן די ארבעטער האט זי נאך קראפט אין זיך. דעריבער איז זי נאך אלץ א געפאר פאר די ארבעטער.

## די ווארקערס (קאמוניסטישע) פארטיי

ווי א פארלאמאנטארישער כח איז די ווארקערס פארטי נאך אלץ זייער שוואך. פאר דעם זיינען דא א רייע אורזאכן, וואס מיר דארפן דא ניט אונטערזוכן. אבער אין אירע פארשידענע אונטערנעמונגען און ארבעטן אין דער ארבעטער־באוועגונג, איז די ווארקערס פארטי ווייט קרעפטיקער ווי זי איז אין פארלאמענטארישע קאמפאניעס.

היינט צוטאג איז די ווארקערס פארטי דער איינציקער אפאזיציאנעלער כח צו דער רעאקציע אין דער ארבעטער־באוועגונג. זי איז די איינציקע באוואוסטזיניקע קעמפנדע אפאזיציע צו דער קאפיטאליסטישער רעאקציע אין די פאראייניקטע שטאטן. ווען גרין און וואל באקעמפן די קאמוניסטן, קעמפן זיי ניט קעגן קיין ווינטמילן. זיי וואלטן פיל גלייכער געוואלט פרידן מיט אונז, איידער קריג. מיר ווייסן, אז דער איינציקער פרידן צווישן אונז קאן זיין א פרידן, אין וועלכן זיי זאלן זיך אונטערגעבן; דאס וואלט געהייסן זייער אויסראטונג פון



דער ארבעטער־באוועגונג און דאס צוריקשמייסן זייערע פאליסיס ביז'ן סאמע ווארצל. זיי ווייסן, אז דער איינציקער פרידן וואס זיי וואלטן מיט אונז געשלאסן איז אונזער פולשטענדיקע ליקווידאציע. קיין איינע פון די צוויי זאכן איז ניט מעגלאך. דעריבער איז דער קאמף אזוי שארף.

אין דער טרייד יוניאן באוועגונג, אין די רייען פון די אומארגאניזירטע און ארגאניזירטע ארבעטער איז די ווארקרס פארטי א פיל שטארקערער טרייב כח ווי אין פאלאמענטארישן פעלד. די נאכפאלגערשאפט פון דער ווארקערס פארטי געפינט זיך הויפטזאכלאך צווישן די ארבעטער אין פונדאמענטאלע אינדוסטריען, וואו די ארבעטער זיינען אין גרויסער מאס פרעמדגעבארענע און שטימרעכטלאזע.

די עקלדיקע אפארטוניסטישע טאקטיק און פאלשע פארלאמענטארישע קאמפאניעס, וואס עס האט אנגעפירט די סאציאליסטישע פארטיי פאר יארן לאנג, האט איבערגעלאזט א ווידערווילן אויף די קעמפנדע ארבעטער. וואס האט אפגעקילט זייער ברען פון באטייליקן זיך אין פארלאמענטארישע קאמפאניעס. דאס איז אן אביעקטיווער פאקט, וואס שטייט פאר דער ווארקערס פארטי, כאטש קעגן דעם איז דא א סך אויסצוזעצן און כאטש די מיטגלידער פון דער ווארקערס פארטי היילן זיך אויס פון דעם ראזיקן באגריף.

די ווארקערס פארטי האט ערשט לעצטנס אנגעהויבן אנטוויקלען א געהעריקן איבערשאצן פון פארלאמענטארישע קאמפאניעס. כאטש גרויסע צאלן ארבעטער האבן אין באשטימטע צייטן נאכגעפאלגט די פירערשאפט פון קאמוניסטן אין עקאנאמישע קאמפן, פאר באשטימטע פונדאמענטאלע רעכטן, — ווי העכערונג אין שכירות, פאר בעסערע ארבעטס־באדינגונגען, דאס רעכט צו זיין ארגאניזירט, ראטעווען די יוניאנס און קאמף צו פארברעכן קעגן אינדזשאנקשאנס — זיינען אבער אפילו אט די ארבעטער ניט פארגעשריטן גענוג, זיי זאלן אין קאמפאקטע מאסן אפרייסן זיך פון פאליטיש קאפיטאליסטישן איינפלוס און שטימען פאר דער ווארקערס פארטי אויף א קלאסן־באזיס. מען מוז אבער אויך ניט פארזען דעם טעראר וואס עס קומט אויס אויסצושטיין א קאמוניסט אדער א סימפאטיזירנדן ארבעטער מצד דער רעגירונג, די ארבעטסגעבער און די לייבאר ליוטענאנטן.

# אַנדערע פאַרטייען, גרופּן אָדער בלאָקס

לאָקאַל זיינען נאָך היינט אויך פאַראַן געוויסע אַנדערע לייבאָר פאַרטייען. אין פּענסילווייניע, נאָרט דאַקאָטאַ, מאָנטאַנאַ, מינעסאָטאַ, וואַשינגטאָן און אין טיילן פון אַנדערע שטאַטן געפינען זיך לייבאָר פאַרטיי אָרגאַניזאַציעס. עס איז אָבער ניטאָ קיין לייבאָר פאַרטיי פון אַ מאַסן־כאַראַקטער.

עס וואָלט געווען פיל ריכטיקער, ווען די אינסורגענטן און פּראָגרעסיווע (אין קאָנגרעס און סענאַט) זאָלן גערופן ווערן אומרעגולערע רעפּובליקאַנער. דער עקאָנאָמישער פונדאַמענט פון דער דאָזיקער גרופּע געפינט זיך הויפּטזאַכלאך אין די אַגריקולטורעלע קריזיסן. דער דאָזיקער בלאָק איז מערסטנס אַן אויסדרוק פון אַגריקולטורעלער אומצופרידנקייט. די גאַנצע בלאָק־סיסטעם אין אַמעריקאַנער פּאָליטיק שפּיגלט אָפּ דעם איבערגאַנגס־פּעריאָד, וואָס פירט צום פאַנאַנדערפאַלן פון דער צוויי־פּאַרטייאיקער סיסטעם. צוליב דעם וואַקסנדן עקאָנאָמישן שטילשטאַנד געווינט אָט די באַוועגונג די הילף פון טיילן פון די קליינבירגער און פון אַרבעטער אין די אינדוסטריעלע צענטרען. אין דעם אָפיציעלן אָרגאַן פון דער שיקאַגאָ פעדעריישאָן אָוו לייבאָר געפינען מיר עדיטאָריעל וועגן נאָררים'ן, איינעם פון די פירער פון דעם דאָזיקן בלאָק, דאָס פאָלגנדע:

„סענאַטאָר נאָררים האָט מיט זיך דעם צוטרוי פון דער ריזיקער אַרמיי האָרעפּאַשניקעס אין לאַנד. . . ער איז באַרעכטיקט צום גרעסטן פּלאַץ אין לאַנד. . . די אַרבעטער קאָנען דערוויילן וועלכן פּרעזידענט זיי ווילן. זיי האָבן די מערהייט שטימען. זיי קאָנען עס טאָן אין פולן הסכם מיט דער נאָן־פּאַרטיזאַן פּאָליסי פון דער אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר.

„די אַרבעטער זיינען נאָך היינט, ווייזט אויס, ניט גרייט צו דערווילן גענוג פריינט און באַשטראָפן גענוג די שונאים, עס איז נויטיק מער אויפקלערונג, מער אָרגאַניזאַציע און מער פאָנדן. ווען דאָס אַלץ וועט דערגרייכט ווערן, וועלן די אַרבעטער זיין בכח צו דערווילן אַזעלכע אמת'ע טשעמפּיאָנען פון גערעכטיקייט, ווי עס איז סענאַטאָר נאָררים".

עס ווייזט זיך אַרויס, אַז דער „פּראָגרעסיווער" און „אינסורגענטן"־בלאָק קלייבט זיך צו ווערן דער הייוון פון גאַנצן פּראָטעסט. איינער פון די מכשפים פון קו קלוקס קלען האָט



ניט לאַנג צוריק דערקלערט, אַז ער איז דורכגעפאָרן צוויי און פערציק שטאַטן און ער קאָן באַריכטן אַז „די פּלאַטפאָרם פון די פּראָגרעסיסטן איז זייער אָננעמבאַר פאַר די וויילער."

זינט לאַפּאָלעט'ס טויט, דריקט נאָררים אַמבעסטן אויס די אינטערעסן פון קליינבירגערטום. עס איז זייער באַדייטונגספול, וואָס דער וואַקלדיקער, אומבאַשטימטער סענאַטאָר באָראַ, האָט זיך אָנגעשלאָסן אָן די אינסורגענטן און זיך באַטייליקט אין זייער קאָנפערענץ אָקטאָבער דעם אַכטן. 1927. דאָס פאַרשאַרפן פון עקאָנאָמישן שטילשטאַנד, דאָס פאַרטיפן פון די אַגריקולטורעלע שוועריקייטן און די לאָגישע פאָלגן פון דעם, ווי קולידזש'עס אָפּזאָגן זיך פון פּרעזידענטשאַפט. האָט ברייטער געמאַכט דעם ריס אין דער רעפּובליקאַנישער פאַרטיי אויף אַזוי פיל, אַז עס זאָל דערמוטיקן אַפילו אַזאַ וואַקלדיקן קליינבירגערלאַכן פּאָליטישן ווי באָראַ צו געבן נאָך אַ שפּרונג פון זיין געוועזענער פּאָזיציע.

די „אינסורגענטן" און „פּראָגרעסיוון" וועלן זיך ניט קאָנסטיטואירן אין קיין דריטער פאַרטיי, באַזונדער פון די דעמאָקראַטן און רעפּובליקאַנער, סיידן עס וועלן זיך באַווייזן נייע ניט־פאָראויסגעזעענע אַנטוויקלונגען. זיי וועלן פּרואוון מאַכן „דילס" מיט די רעפּובליקאַנער און דעמאָקראַטן. אין דעם ליגט זייער מאַקסימום כח און זייער מינימום שוואַכקייטן. שוין האָבן זיי זיך געלאָזט פאַרשאַכערן צו דער רעפּובליקאַנער מאַשין און דערלאָזט צו אָרגאַניזירן קולידזש'עס קאָנטראָל אין סענאַט. דער אַזוי־גערופענער פאַרמער־לייבאָר סענאַטאָר שיפּסטעד האָט געוויזן דעם וועג ווי אַזוי זיך אונטערצוגעבן צו די סענאַטאָרן פון דער גרויס־בורזשואַזיע, און ער קאָן איצט פולשטענדיג רעגיסטרירט ווערן אַלס רעפּובליקאַנער.

די אינסורגענטן באַוועגונג, אויף אַזוי פיל אויף וויפיל עס איז אַן אינסטרומענטאַלער כח צו צעברעכן די אַלטע צוויי־פּאַרטייאיקע סיסטעם, איז אַ פּראָגרעסיווע קראַפט. עס איז אָבער גלייכצייטיק אַן ערנסטע געפאַר פאַר די אַרבעטער און עקספּלואַטירטע פאַרמער. זי איז אַ שטיין אין וועג פון דער אַנטוויקלונג פון אַן אמת'ער קלאַסן־פּאַרטיי פון אַרבעטער — אַ לייבאָר פאַרטיי. אַזעלכע קליינבירגערלאַכע פּאָליטישענס ווי שיפּסטעד, ברוקהאַרט, נאָררים און באָראַ זיינען ניט קיין פריינט

אדער דינער פון די ארבעטער, נאר זיינען אגענטן פון די קלענערע קאפיטאליסטן, און אלס אזעלכע מוזן זיי באקעמפט ווערן.

די אנדערע אזוי־גערופענע פאליטישע פארטייען זיינען ניט ווערט דעם טינט און דעם פאפיר וואס עס וואלט גענומען צו שרייבן וועגן זיי.



דריטער קאפיטל

# אישוס פון די וואלן אין 1928

## דער קאפיטאליסטישער שטאנדפונקט

פון קאפיטאליסטישן שטאנדפונקט זיינען פאראן א סך אישוס פאר די אלן פון 1928. די קאפיטאליסטן האבן א מאסן־פראדוקציע פון אישוס — **אלערליי אישוס איז ביי זיי פאראן.**

### 1. פראהיבישאן.

פריער פון אלץ איז פאראן פראהיבישאן. א סך רייד ווערן אויסגעגאסן אויף דער אישו. פונדעסטוועגן וועט פראהיבישאן ניט זיין דיווירקלאכע אישו פון די וואלן אין 1928. יעדער קאפיטאליסטישער פאליטישן ווייסט, אז פראהיבישאן איז מער אן אישו אין ביידע קאפיטאליסטישע פארטייען, ווי צווישן זיי. עס זיינען פאראן אזוי פיל מיינונגס־פארשיידנהייטן וועגן פראהיבישאן אין דער רעפובליקאנישער פארטיי, ווי עס זיינען פאראן איז דער דעמאקראטישער פארטיי. דער רעפובליקאנער סענאטאר עדזש פון ניו דזשוירזי, א שליח פון סטענדערד אויל, איז א געשווארענער אגענט פון פראהיבישאן און קולידזש איז אויסגעטריקנט. סמיט איז נאס דורכגעווייקט, און מעקאדו איז טרוקן ווי א מדבר. זיי אלע מעגן זיך האבן אונטערשיידן וועגן דער קוואליטעט פון ביר, אבער דאס זיינען ניט קיין אונטערשיידן וואס הערשן צווישן זייערע פארטייען. מעקאדו דער דעמאקראט און קולידזש דער רעפובליקאנער פארטרעטן יענעם טייל פון דער בורזשואזיע, וואס גלויבט אז פראהיבישאן איז א טרייב קראפט וואס העלפט דער עפישענסי פון ארבעטער־עקספלואטאציע. דער דעמאקראט סמיט און דער רעפובליקאנער עדזש זיינען קעגן פראהיבישאן, ווייל זיי זיינען ניט איבערצייגט, אז דורכדעם ליידן די אינטערעסן פון קלאס וועלכן זיי דינען.

## 2. שטייערן.

אויך די פראגע פון שטייערן וועט פונדאמענטאל ניט זיין קיין אישו צווישן רעפובליקאנער און דעאמרקאטן. ביידע פארטייען פאלגן נאך א פאליסי צו פארלייכטערן די שטייערן פאר די גרויס־קאפיטאליסטן און אריבערוואַרפן עס, אויף וויפיל עס לאזט זיך, אומדירעקט נאטירלאך, אויף די פלייצעס פון די ארבעטער.

## 3. דער וועלט־געריכט.

פריער אדער שפעטער וועט די פראגע פון אינטערנאציאנאלע באציאונגען, דער וועלט־געריכט און די ליג אוו ניישאנס, ווערן א גרויסע אישו אין די רייען פון דער בורזשואזיע. יענע צייט אבער איז נאך דערווייל ניט געקומען. דער אמעריקאנער קאפיטאליסטישער קלאסן־שטאנדפונקט איז נאך דערווייל איבער דער פראגע ניט אויסגעשפראכן אנטשלאסן; כאטש די טענדענץ, צוליב דעם וואקסענדן איינפלוס פון פינאנס קאפיטאל, פאר באטייליקן זיך אין וועלכער ניט איז וועלט קערפערשאפט, געריכט אדער פייקערישער ליג אוו ניישאנס, האלט אין וואקסן. אין דעם מאמענט אבער ווערן די אונטערשיידן צווישן דער דעמאקראטישער און רעפובליקאנער פארטייען איבער דער פראגע באשלאסן דורך די קלאסן־אינטערעסן פון יעדער געגנט באזונדער, איידער דורך די איינהייטלאכע קלאסן־אינטערעסן אין לאנד. די פינאנס־קאפיטאליסטן, וואס שטיצן נאך אלץ די דעמאקראטישע פארטיי, זיינען פונקט אזוי פיל פאר דעם אז אמעריקע זאל זיך באטייליקן אין וועלט־געריכט אדער ליג אוו ניישאנס, ווי עס זיינען די גרויסע באנקירן וואס פירן אן מיט מזומן די קאסעס פון דער רעפובליקאנער פארטיי.

## 4. דער טאריף.

די טאריף פראגע איז געווען די שפייז מיט וואס דער אייזל (דעמאקראטישע פארטיי) האט זיך געשטאפט אין יעדער עלעקשאן. אמאל איז עס געווען די גרויסע אישו פון דער דעמאקראטישער פארטיי. היינט איז עס ניט אזוי. אין דער סאוט אנטוויקלט זיך אלץ א גרעסערע צאל אינדוסטריאליסטן, וואס זיינען פאר א הויכן טאריף, פונקט ווי עס זיינען פאר דעם די אינדוסטריאליסטן



פון די ניו ענגלאנדער שטאטן. אין דערזועלבער צייט זיינען פאראן באנקירן וואס הויבן הויך אויף זייער שטים, אין די רייען פון די רעפובליקאנער, פאר פארקלענערן דעם טאריף. אין דער פראגע, ווי אין א רייע אנדערע, ווענדט זיך אלץ אן דעם מין געשעפטן וואס די דעמאקראטן טוען.

## 5. די מאכט פון דער רעגירונג.

מען רעדט אויך וועגן דעם, אז די פראגע פון צענטראליזירטער פעדעראלער שטאטס־מאכט זאל זיין א וויכטיקע אישו. צוליב דער וואקסנדער מאכט פון דער רעגירונגס ביוראקראטיע וועט עס מעגלאך זיין אן אישו. די דאזיקע אישו וועט אבער ניט שפילן קיין באשליסנדע ראלע אין דעם קומענדן קאמפיין. ביידע קאפיטאליסטישע פארטייען שטימען איין, אז די פעדעראלע מאכט דארף באנוצט ווערן צו צושמעטערן סטרייקס.

## 6. קארופציע.

עס איז פאראן די אלטע פראגע פון קארופציע. דאס איז אלעמאל אן אישו צווישן ביידע קאפיטאליסטישע פארטייען. ביידע זיינען קארופט, און דא איז איין איינציקער פאל וואו ביידע זאגן דעם אמת, איינע אויף דער צווייטער. דא האבן מיר די געשיכטע מיט'ן טשייניק וואס שרייט אז דער קעסל איז שווארץ. דער טיפאט דאום סקאנדאל האט ניט געליפערט פאר די דעמאקראטן אזוי פיל, ווי זיי האבן פון דעם דערווארט, אין 1924. דער בוירנס־סינקלעיר סקאנדאל וועט פאר זיי ניט ליפערן, אזוי פיל וויפיל זיי האפן, אין די וואלן פון 1928. אפילו די דערוויילונג און דער סקאנדאל פון וועיר און סמיט, וועלן ניט ברייגנען אזא קערן ווי די דעמאקראטן האבן זיך געריכט. די מאסן איבער'ן לאנד זיינען אין אלגעמיין פאליטיש צו אפגעשטאנען, זיי זאלן ווערן אויפגערעגט איבער קארופציע. קארופציע איז זיכער ניט די גרענעץ־ליניע צווישן די דעמאקראטן און רעפובליקאנער. עס איז א געמיינזאמע ליניע.

## 7. פארם רעליף.

פארם רעליף וועט זיין א ברענענדע אישו אין די קומענדע

וואלן פון 1928. אלערליי פארזוכן וועלן געמאכט ווערן, אפנארערישע פארשטייט זיך, צוצובינדן די פארמער צום עק פון קאפיטאליסטישן רייטוואגן. דער אמעריקאנער קאפיטאליזם קאן ניט לייזן דעם פארם־קריזיס. דער אגריקולטורעלער קריזיס איז ניט קיין פראגע פון א גוטער אדער א שלעכטער גערעטעניש. צייטנווייז זיינען די גערעטענישן אזעלכע גוטע, אז די פרייזן פאלן און דער פארמער גייט אויס מיט די פרייזן צוזאמען. ער ווערט פארטריבן א באנקראטירטער פון דער פארם. ווען די גערעטענישן זיינען שלעכטע, ווערט דער איינקונפט פון די פארמער נאך מער איינגעשרומפן. דער אגריקולטורעלער קריזיס איז דא אין לאנד טיף איינגעווארצלט אין די פונדאמענטאלע אונטערשיידן פון פראדוקציאנס־מעטארע אין אגריקולטור, וועלכע איז נאך אלץ אינדיווידואיליסטיש אין כאראקטער און דער מעטאד פון מאסן־פראדוקציע אין א הויך־אנטוויקלטער, קאפיטאליסטישער אינדוסטריע.

## דעם ארבעטער'ס שטאנדפונקט

פאר די ארבעטער פון אונזער לאנד זיינען דא זעקס פונדאמענטאלע אישוס.

### 1. די סטרייקברעכערישע רעגירונג.

די רעגירונג פון די פאראייניקטע שטאטן, אירע פארשידענע דעפארטמענטס, זיינען אפענע סטרייק־ברעכערישע אגענטורן, וואס ווערן באנוצט פון די ארבעטסגעבער צו דערשטיקן די ארבעטער. אין די וואלן פון 1928 מוז דערציילט ווערן דער אמת וועגן דער ראלע פון דער רעגירונג, וועלכע איז א פשוט'ע אגענטור פון קאפיטאליסטישן קלאס, צו צעשמעטערן און דערדריקן די ארבעטער און די ארעמע פארמער.

### 2. אינדזשאנקשאנס.

אין די לעצטע חדשים האט זיך אויף די ארבעטער א שאט געטאן אן אמת'ע מגפה, אן עפידעמיע פון אינדזשאנקשאנס. די געריכטן זיינען די קאליפיצירטסטע און ווירקזאמסטע סטרייק־ברעכערישע אגענטורן פאר די ארבעטסגעבער. אינדזשאנקשאנס



זיינען דער קאנצענטרירטער אויסדרוק צו פארטיידיקן די אינטערעסן פון קאפיטאליסטישן קלאס דורך די געריכטן.

דער אינדזשאנקשאן וואס דער פעדעראלער ריכטער שונמייקער האט ארויסגעגעבן אין פענסילוויניע, וואלט געהייסן דער טויט פון דער מיינערס יוניאן, אויב דער אינדזשאנקשאן זאל אויסגעפאלגט ווערן. דער באשלוס פון סופרים קאורט פון די פאראייניקטע שטאטן, אז די קוילן־באראנען אין וועסט ווירדזשיניע האבן דאס פולע רעכט ניט צו דערלאזן די מיטגלידער פון דער יונייטעד מיין וואַרקערס, אדער וועלכע ניט איז אנדער ארבעטער־ארגאניזאציע, צו יוניאניזירן די מיינערס, איז א באשלוס וואס ווערט פאר דער רעגירונג דער באזיס צו פאראליזירן יעדן מעגלאכן קאמפיין צו ארגאניזירן די אומארגאניזירטע. יעדער ארבעטער, וואס האט א פונק פון קלאסנבאוואוסטזיין, מוז אין פולער אנטשלאסנקייט איגנארירן די אינדזשאנקשאנס וואס די ריכטער גיבן ארויס.

אינדזשאנקשאנס ווערן באנוצט צו בארויבן די ארבעטער פון די דערגרייכונגען וואס זיי האבן אויסגעקעמפט דורך לאנגע יארן: צו פארניכטן זייערע ארגאניזאציעס, וואס האט גענומען דורות אויפצובויען. אינדזשאנקשאנס דארף געמאכט ווערן פאר די ווירקלאכע אישוס אין וואל קאמפיין פון 1928.

### 3. דאס רעכט פון סטרייק און ארגאניזאציע.

אפילו די קאנסערוואטיווסטע טרייד יוניאנס זיינען שוין מער ניט קיין יחסנים ביי די קאפיטאליסטן, און ווערן וואס ווייטער אלץ ווינציקער און ווינציקער טאלערירט. דער סטרייק, ווי א געווער פון די ארבעטער, ווערט געשטעלט אויסער געזעץ. די יוניאן, ווי אן ארבעטער ארגאניזאציע ווערט אפגעווישט. דאס רעכט פון פארזאמלונג, פרייהייט פון רעדע, ארגאניזאציע און סטרייק — פאר די אלע אישוס מוזן מיר קעמפן אין די וואלן פון 1928.

### 4. פארם רעליף.

יעדער ארבעטער מוז פירן א קאמף פאר אמת'ע הילף פאר די פארמער. די אמעריקאנער רעגירונג האט איינמאל און נאכאמאל אפגעגעבן מיליאנען דאלאר, אין שטייערן, וואס זי האט

צוריקגעקערט, צי אין שטיקער לאנד אלס מתנות, צי אין טאריף־פארלייכטערונגען צו די מיליאנערן, צו די אייזנבאן מאגנאטן, צו די קוילן באראנען, צוי די אינדוסטריעלע הערשער און צו די גרויסע באנקירן. די ארבעטער, פאראייניקט מיט די פארמער, מוזן צווינגען דער רעגירונג צו נעמען כאטש וועלכע ניט איז שריט, כדי אויף פיל ווינציק צו פארלייכטערן דעם שארפן קריזיס פון וועלכן עס ליידן די גרויסע מאסן פון דער אגריקולטורעלער באפעלקערונג.

### 5. סאציאלע אינשורענס.

די ארבעטער מוזן פירן א שטארקן קאמפיין פאר א געזעצגעבונג אויף א נאציאנאלן מאסשטאב, וואס זאל פארזארגן מיט אינשורענס די ארבעטסלאזע און די אלטע ארבעטער, און די וואס ווערן צוקריפלט פון דער אינדוסטריע. די רעגירונג און די ארבעטסגעבער דארפן צאלן פאר די אינשורענס, וואס דארף פארוואלטעט ווערן פון די ארבעטער ארגאניזאציעס.

### 6. אמעריקאנער אימפעריאליזם און די מלחמה־געפאר.

צום סוף, אבער ניט צום לעצטן, איז די פראגע פון אמעריקאנער אימפעריאליזם, איינע פון די וויכטיקסטע פראבלעמען איז קומענדן וואל־קאמף. די מלחמה־געפאר איז שארף. דער אמעריקאנער אימפעריאליסטישער אויסשפרייט הויבט אויף און מאבילירט קעגן זיך זיינע קאנקורענטן. די אמעריקאנער אימפעראליסטישע ברוטאלקייט וועקט אויף צום ווידערשטאנד די פעלקער פון דער לאטיינישער אמעריקע. יעדער ארבעטער אין אמעריקע מוז זי דערוויסן וועגן די סקאנדאליעזע מערדערייען, וואס אונזערע מארינען מאכן אויף די פרידנס־ליבנדע ניקאראגוער. דער קאפיטאליסטישער קלאס אין די פאראייניקטע שטאטן איז אויסגעווייקט אין בלוט. ער איז שולדיק אין מארד. יעדער קעמפנדער ארבעטער מוז טאן אלץ וואס ער קאן צו אנטוויקלען ווירקזאמע אפאזיציאנעלע כחות, וואס זאלן ניט דערלאזן אז אזעלכע פארברעכנס זאלן באגאנגען ווערן פון דער רעגירונג פון די פאראייניקטע שטאטן.



פערטער קאפיטל

## די קאנדידאטן.

### 1. רפובליקאנישע פארטיי.

עס זיינען, זינט קולידזש האט „פארגעצויגן“ ניט צו לויפן, פאראן א סך קאנדידאטן פאר פרעזידענט. עס איז ווארשיינלאך, אז קולידזש, כאטש ער וואלט דערוויילט געווארן ווען ער וואלט געלאפן, האט „פארגעצויגן“ ניט צו לויפן צוליב דריי מאטיוון:

1) דער עקאנאמישער איבעררייס; 2) דער פארשארפטער אגריקולטורעלער קריזיס, און 3) די מורא פאר א שטארקער אפאזיציע מצד די ארבעטער, קליינער און מיטעלער בורזשואזיע צו א דריטן טערמין, — וואס וואלט דראמאטיזירט דעם קאמף קעגן דער מאכט־קאנענטראציע און צענטראליזאציע פון דער רעגירונג — וואס וואלט זיך אנטוויקלט ווען קולידזש וואלט יא „פארגעצויגן“ צו לויפן. קולידזש האט געקאנט טשאלענדזשן די דאזיקע אפאזיציע און פאראורטיילן קעגן א דריטן טערמין; דאס וואלט אבער געווען א קאסטבארער זיג פאר דער גרויס־בורזשואזיע. אבסטראקט איז עס נאך ניט אויסגעשלאסן, אז קולידזש זאל לויפן, כאטש עס זעט אויס העכסט אומווארשיינלאך.

האבן מיר דעם קאנדידאט מר. יוז. טשארלס יוז איז זייער א גוטער קאנדידאט פאר די גרויס־קאפאטילאסטן. ער אפעלירט אבער ניט צו דער ריינק און פייל פון דער רעפובליקאנישער פארטיי, און אין נאציאנאלע עלעקשאנס שאצט די רעפובליקאנישע פארטיי אפילו איר ריינק און פייל.

דערנאך איז פאראן מר. לאודען. מר. לאודען איז א מיליאנער. צו אים זאגט שבחים יעדער איינער, וואס פארט אין א פולמאן. מר. לאודען, ווען ער האט חתונה געהאט מיט מר. פולמאנ׳ס טאכטער און האט גע׳ירשנ׳ט איר פאטער׳ן מיליאנען, האט געטאן א גליקלאכן שידוך און איז אריינגעפאלן אין א שמאלץ־גרוב. ער האט אביסל ניט פארזיכטיק זיך געווארפן מיט

הונדערטער טויזנטער דאָלאַר אין די פּריימערי וואַלן פון דער רעפּובליקאַנישער פּאַרטיי אין 1920. דאָס איז איינע פון די אורזאַכן פאַרוואָס לאָודען, כאָטש ער מאַכט נאָך אַ סך טומל וועגן זיין פריינטשאַפט צו די פאַרמער, איז היינט שוואַכער ווי אין 1920. עס איז אמת, אַז פאַר לאָודען זיינען אַ גרויסע צאָל רייכע פאַרמערס. דאָס אָבער גיט אים נאָך ניט די נאָמינאַציע.

דאָוז איז אויך אַ קאַנדידאַט. דאָוז האָט אַ גוטן שאַנס ער איז אַ שטאַרקער קעמפער פאַר אָפּן שאָפּ, אַ שרייענדער אַרבעטער־האַסער. דאָוז האָט אַ געוויסן פאָרצוג מיט דעם, וואָס ער רעדט די שפּראַך פון די מאַסן. ער ווייס ווי צו זיין אַ באַנקיר און אין דערזעלבער צייט זיך אויסזידלען. אַזעלכע „נידעריקלאַכע“ אייגנשאַפטן ווערן צייטנווייז געשאַצט זייער הויך פון דער אַמעריקאַנער בורזשואַזיע. לאָמיר זיך דערמאָנען האַרדינג'ן. פּאָליטיש איז ער געווען אַ נול, פונדעסטוועגן איז האַרדינג געווען אַ „יאַט“, וואָס האָט געוואוסט ווי צו שמייכלען. הינטער דעם דאָזיקן שמייכל האָט ער יאָרנלאַנג געקאָנט באַהאַלטן דעם „טיפּאָט דאָום“ צוזאַמען מיט'ן „פּרעזידענט'ס טאָכטער“ און יעדע פאָרמע פון נידעריקער קאָרופּציע. אין קאַפּיטאַליסטישער פּאָליטיק ווערט אַ שמייכל אָפט זייער טייער געשאַצט.

דאָוז ווייס ווי צו רויכערן זיין פּיפּקע מיט'ן קאָפּ אַראָפּ. ער איז דער, וואָס האָט אַראַנזשירט דעם מעקנאַרי־האָוגען ביל, אין וועלכן די פאַרמערס האָבן געשטימט פאַר דעם מעקפאַדן ביל און די באַנקירן האָבן דורך זייערע סענאַטאָרן געשטימט פאַר די פאַרמער. פאַרשטייט זיך, אַז דאָ איז בלויז אַ קלייניקייט פאַרזען געוואָרן. די גרויסע באַנקירן האָבן געקאָנט אַ וואונק טאָן זייער פּרעזידענט קולידזש, ער זאָל וועטאָאירן דעם מעקנאַרי־האָוגען ביל; אָבער די אַזוי־גערופענע פאַרטיידיקער פון אַזוי־גערופענעם פאַרם רעליף ביל, — נאָכדעם ווי זיי האָבן אויסגעפונען אַז זיי זיינען אָפּגענאַרט געוואָרן, — האָבן ניט געקאָנט פועל'ן ביים פּרעזידענט ער זאָל דעם מעקפאַדן ביל וועטאָאירן, אַזוי ווי ער האָט וועטאָאירט דעם מעקנאַרי־האָוגען ביל. דורך אָט דער מאַנעווורע האָט דאָוז פאַר אַ מאָמענט געוואונען באַדן צווישן די מיטל־וועסטערן פאַרמערס. דאָוז איז אַ קאַנדידאַט, וואָס ווערט באַטראַכט ערנסט, כאָטש ער איז אַריינגעלייגט געוואָרן אין אייזקעסטל פון וויצע־פּרעזידענטשאַפט.



מר. מעלאָן איז דער פייאיקסטער קאַבינעט באַאַמטער ביי די רעפּובליקאַנער, אָבער זיינע גרויס־קאַפּיטאַליסטישע פאַרבינדונגען זיינען צו ברוטאַל אָפן, אַז ער זאָל קאָנען באַטראַכט ווערן פאַר אַ רעפּובליקאַנער פּרעזידענט־קאַנדידאַט. מעלאָן קאָן ניט אַפּעלירן צו די מאַסן זיי זאָלן אים אָפּגעבן זייערע שטימען.

הואָווער איז אויגנשיינלאַך דער בעסטער קאַנדידאַט פון דער רעפּובליקאַנישער פּאַרטיי. הואָווער איז היינט דער בעסטער סימבאָל פון גרויס־קאַפּיטאַליסטישער עפישענסי, מאַסן־פּראָדוקציע, אינטענסיווע עקספּלואַטאַציע און וויסנשאַפטלאַכע פאַרוואַלטונג. איז עס אַ פאַרפלייצונג פון דער מיסיסיפּי, איז הואָווער דער אינזשינער וואָס ראַטעוועט די דרום'דיקע דעמאָקראַטן! אויב מען שטאַרבט אין דעם גרויסן הונגער אין רוסלאַנד, קומט הואָווער זיי צו „הילף“. מען רופט אים דער האַנדלס־סעקרעטאַר. הואָווער וואָלט אין דער אמת'ן געדאַרפט אָנגערופן ווערן אי האַנדלס־סעקרעטער, אי אויבער־סעקרעטער פון יעדן אַנדערן דעפּאַרטמענט פון דער רעגירונג. עס איז ניטאָ קיין רעגירונגס ביוראָ אין וועלכער הואָווער זאָל ניט האָבן אַריינגעשטעקט זיין פינגער אויף איין אָדער אַן אַנדער אופן.

אין דער סאַוט וועט הואָווער פאַרקויפט ווערן און וועט ברענגען שטימען אויפ'ן גרונט פון זיין הילף אין דער פאַרפלייצונג; אין דער וועסט, פאַר דער אַנטוויקלונג פון דעם פּראָיעקט פאַר קאָנטינענטאַלע וואַסער־וועגן; אין דער איסט פאַרטרעט ער דעם גרויס־קאַפּיטאַל. גאָווערנאָר פולער פון מאַסאַטשוזעטס, וואָס האָט אָפּגעבראָטן צוויי מענטשלאַכע לעבנס, סאַקאָ און וואַנזעטי, האָט שוין אינדאָרסירט הואָווער'ן, און מען רעדט וועגן אים אָפן ווי וועגן דעם מעגלאַכן וויים־פּרעזידענט מיט הואָווער'ן אויפ'ן באַלאָט. סענאַטאָר עדזש פון ניו דזשוירזי, אַ מיטגליד פון דער קעניגלאַכער פאַמיליע (אַ שוואָגער פון פּרעזידענט וואָלטער סי טיעגל) פון דער סטענדאַרד אויל פון ניו דזשוירזי, איז אַ הייסער חסיד פון הואָווער'ס קאַנדידאַטור. דער אינדזשאַנקשאָן צו ברעכן דעם מיינער סטרייק אין 1919, איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אויפ'ן גרונט פון דעם לעווער אַקט, וואָס איז פאַרפאַסט געוואָרן פון האָווער'ן.

נאָך דער מלחמה איז האַרדינג מיט'ן שמייכל אַרויסגעשטעלט

געווארן אלס דער קאנדידאט צו לינדערן די וואונדן פון דער מלחמה. דער אמעריקאנער אימפעריאליזם, וואס ווערט איצט אנגעגריפן פאר זיינע שיילאק־מעטאדן אין א צייט ווען ער בארימט זיך אזוי מיט זיינע עפישענסי מיטלען, נויטיקט זיך זייער שטארק אין אזא קאנדידאט ווי הואווער, וואס דארף אין דער איצטיקער לאגע, זיין דער סימבאל פון אמעריקאנער אידעאליזם און הומאניטארישקייט. הואווער איז פאר איניקע ליבעראלן פון דער „ניו רעפאבליק" דער רעטער פון דער רוסישער רעוואלוציע, און פאר איניקע פייק ליבעראלן וועט ער זיין דער איין און איינציקער רעטער פון דער מענטשהייט; צוליב זיין דערפאלג אלס קאפיטאליסטישער מאגנאט, וועט ער זיין דער איין און איינציקער, וואס וועט קענען ראטעווען דאס לאנד פון ארבעטסלאזיקייט, פון פארשארפטן קריזיס און גלייכצייטיק פארשטארקן דעם אמעריקאנער אימפעריאליזם.

## דעמאקראטישע קאנדידאטן

ערשטנס קומט גאווערנאר ריטשיע פון מערילענד, וועלכער באשטייט אויף דאס רעכט פון יעדן שטאט באזונדער. דאס איז זיין ליבלינגס אידייע. ער איז אבער פאר שטאטס־רעכט בלויז אויף אזוי פיל, עס זאל געפעלן ווערן דער גרויס־בורזשואזיע פון דער סאוט. מערילענד איז איינע פון יענע גרענעץ־שטאטן פון דער נארט, אין וועלכע דער צפון'דיקער קאפיטאל עסט זיך דורך זיין וועג און קריגט קאנטראל. זאל אבער ריטשי רערוויילט ווערן אלס פרעזידענט און עס זאל אונטער דער צייט פון זיין אדמיניסטראציע אויסברעכן א נאציאנאלער אייזנבאן־סטרייק, וועט ער זיך ניט שטארק איינרייסן די קאפאטע פאר דאס רעכט פון די שטאטן. אין אזא פאל וואלט גאווערנאר ריטשי מיט צופרידנהייט געבראכן דאס רעכט פון זיין אייגענעם שטאט און וואלט אריינגעשיקט פדערעלע סאלדאטן צו צעשמעטערן די רייען פון די אייזנבאן סטרייקער אין מערילענד.

וואלש פון מאנטאנא איז אויך איינער פון די פרעזידענטישע שטשעפקעס, כאטש ער איז א קאטאליק. וואלש איז פאר די דעמאקראטן א מין קריסטאפער קאלאמבוס אין דער וועלט פון



קארופציע. ער איז דאס דער, וואס האט אנטדעקט דעם טיפאט דאום סקאנדאל.

עס איז אויך פאראן דער מולטי־מיליאנער אוען ד. יאנג, פון דער דזשענעראל עלעקטריק קאמפאני. ער איז, זאגט מען, דער געזעצלאכער פאטער פון דאוז־פלאן. דאוז איז דער אפיציעלער, לעגאלער, אבער ניט דער אקטועלער פאטער. יאנג האט א שטיקל שאנס אין דער דעמאקראטישער פארטיי, אבער ניט זייער קיין שטארקן שאנס, אז ער זאל קאנען קריגן די נאמינייישאן.

און צום סוף קומט סמיט. סמיט וועט פאפולאריזירט ווערן. זיין נאמען וועט מעגלאך געענדערט ווערן אויף „פעל" סמיט. אין לעצטן סך הכל פארטרעט סמיט די גרויס־קאפיטאליסטישע אינטערעסן פונקט ווי הואווער. ער האט הינטער זיך א געוויסע געשיכטע; זיין אפשטאם איז ביז א געוויסער מאס פארבונדן מיט טעמעני האל, וואס קאן זיך ארויסווייזן פאר א שטער אין וועג; דער דאזיקער חסרון קאן נאך אבער אזוי אומגעוואנדלט ווערן, עס זאל גאר ווערן א מעלה פאר דער בורזשואזיע. עס וועט זיין גרינגער צו קאמופלאזשעווען די מאסן.

סמיט פארמאגט א שמייכל. ער ווייס ווי א זופ צו טאן. ער ווייס אפילו ווי צו טראקטירן א טרונק. ער פארטרעט מיט זיך די קאפיטאליסטישע אינטערעסן, וואס באהערשן היינט די דעמאקראטישע פראטיי, מער ווי איז 1924. די קאפיטאליסטישע עלעמענטן פון דער וועסט און סאוט, וואס זיינען ביז היינט פארטראטן געווארן אין דער דעמאקראטישער פארטיי דורך מעקאדו, זיינען היינט שוואכער ווי מיט פיר יאר צוריק. דער גרויס־קאפיטאל פון דער איסט איז אין דער דעמאקראטישער פארטיי היינט צוטאג מעכטיקער ווי ווען עס איז. סמיט'ס קאנטראל פון די עלעקטאראלע שטימען אין שטאט ניו יארק, זיינען פון גרויס נוצן פאר אים אין דער דעמאקראטישער פארטיי. ארום און ארום איז סמיט א קליינבירגערלאכע הענטשקע, אין וועלכער עס איז באהאלטן א גרויס־בורזשואזער אייזערנער פויסט.

נאר אונטער די איצטיקע באדינגונגען איז דא זייער ווייניק האפנונג, אז סמיט זאל דערוויילט ווערן. דער מאקסימום צאל עלעקטאראלע שטימען וואס סמיט קאן צונויפזאמלען, זיינען 249. דער מינימום וואס ער דארף זיינען 266. אפילו אויב די סאלידע סאוט זאל טאקע שטיין סאליד און ניט אפברעכן זיך, קאן ער

פון דאָרט קריגן 114 עלעקטאָראַלע שטימען, און אַפילו ווען איר זאָלט וועלן זיין גוט צו סמיט'ן און אים צוגעבן ניו יאָרק, ניו דזשוירזי, מאַסאַטשוזעטס, ראָוד אַיילאַנד, קאָנעטיקוט, מערילענד, מאָנטאַנאַ, נעוואַדאַ און אַפילו וויסקאָנסין, וועט ער נאָך אַלץ האָבן ניט מער ווי 249 עלעקטאָראַלע שטימען, וואָס איז ניט גענוג צו ווערן פרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן.



## פינפטער קאַפיטל:

# צו אַ לייבאָר פּאַרטי

איצט לאָמיר באַטראַכטן וואָס עס איז די אויפגאַבע פון די אַרבעטער. אונזער אַרבעטער־קלאַס איז פּאָליטיש שוואַך. מיר האָבן ניט קיין זעלבסטשטענדיקע מאַסן־פּאַרטיי פון אַרבעטער. די וואָרקערס (קאָמוניסט׳ישע) פּאַרטי גלויבט, אַז די פונדאַמענטאַלע אויפגאַבע, וואָס שטייט פאַר די אַמעריקאַנער אַרבעטער און עקספּלואַטירטע פאַרמערס אין די וואַלן פון 1928, איז צו פאַראייניקן זיך און אָרגאַניזירן אַ לייבאָר פּאַרטי.

מיט'ן מויל איז אַפילו די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, פון צייט צו צייט, פאַר אַ לייבאָר פּאַרטי; אירע דערקלערונגען ווערן אָבער אָפּגעווישט און צעטומלט אין אירע גערייִדערייען וועגן אַ „רעוואָלוציע פון אַ דריטער פּראָגרעסיווער פּאַרטיי“. אויב די נאָררים־באָראַ גרופּע אין די פאַראייניקטע שטאַטן זאָל אָננעמען דעם קורס פון אַ דריטער קליינבירגערלאַכער פּאַרטיי, איז זייער מעגלאַך, אַז די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי זאָל ערנסט באַטראַכטן צו ווערן אַ טייל פון דער דאָזיקער גרופּע. עס איז אמת, אַז די פירערשאַפט פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי רעדט היינט ניט אָפן וועגן אַזאַ קורס. הילקוויט און בערגער פאָלגן אָבער נאָך אַ פּאָליסי, וואָס פירט אומפאַרמיידלאַך אין דער דאָזיקער ריכטונג. עס איז אויך ניט אוממעגלאַך, אַז זיי זאָלן אַריינטרעטן אין אַזאַ קאָמבינאַציע, ניט אַכטענדיג אויף דעם, וואָס די ביוראָקראַטיע פון דער אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר האַלט נאָך אַלץ אָן איר באַנקראָטירטע פּאָליסי פון באַשטראָפן די שונאים און באַלוינען די פריינט. דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי וואָלט אַפילו ניט געאַרט דער פאַקט, וואָס די ביוראָקראַטיע פון דער א. פ. אָוו ל. האָט דאָס מאָל ניט אָפּגעבראָכן מיט דער דעמאָקראַטישער און רעפּובליקאַנישע פּאַרטייען, ווי זי האָט עס געטאָן אין 1924.

די קאָמוניסטן ווייסן זייער גוט, אַז עס איז ניט גענוג

בלויז צו אגיטירן פאר א לייבאר פארטי. די קאמוניסטן שלאגן קיינמאל ניט פאר קיין פלאטפארם אדער פראגראם, וואס זאל ניט זיין באזירט אויף סאלידע אביעקטיווע באדינגונגען.

## פונדאמענטאלע באדינגונגען פאר א לייבאר פארטי

וואס זיינען די פונדאמענטאלע באדינגונגען פאר א לייבאר פארטי אין די פאראייניקטע שטאטן? ערשטנס, פאלט דער לאזונג „פאר א לייבאר פארטי“ פולקאם צונויף מיט דער אנטוויקלונגס שטופע און מיט דעם שטאפל פון קלאסנבאוואוסטזיין פון דער אמעריקאנער ארבעטער־באוועגונג. אזוי ארום אפעלירט עס צו הונדערטער טויזנטער ארבעטער. וויפיל מיר זאלן ניט שטאלצירן מיט אונזער קאמוניסטישער פארטיי, ווי גוט מיר זאלן ניט וויסן אז אונזער פארטיי איז און וועט זיין די, וואס וועט פירן די ארבעטער צום זיג דורך אנטשידענעם שטרייט, ווי עס ווייזן אירע אויסצייכנונגען אין די איצטיקע טאג־טעגלאכע קאמפן: פונדעסטוועגן ווייסן מיר, אז אין דער איצטיקער אנטוויקלונגס־שטופע, ווען דער קלאסנבאוואוסטזיין ביי די ארבעטער איז ניט גרויס, ווען די פאליטישע אנטוויקלונג ביי די ארבעטער איז אויף א נידעריקער שטופע, — אנערקענען מיר, אז אונזער פארטיי גרייכט ניט ווי געהעריק די ברייטע מאסן מיט איר רוף; דאס איז הויפטזאכלאך אמת אין וואל קאמפאניעס און אין פארלאמענטארישע קאמפן. דעריבער אנערקענען מיר, אז אין דער איצטיקער אנטוויקלונגס־שטופע איז עס א פונדאמענטאלע אויפגאבע צו פאראייניקן אלע ארבעטער אין א פארטיי, וואס זאל זיין בלויז אן ארבעטער פארטיי.

צווייטנס, די לעצטע יארן האט זיך געמערקט מער ווי ווען עס איז פריער א מעכטיקער וואוקס אין דער צענטראליזאציע פון די רעגירונגס־כחות אין די פאראייניקטע שטאטן. חוץ דער ארמיי און פלאט זיינען היינט פאראן מער ווי א האלבער מיליאן פעדעראלע רעגירונגס אנגעשטעלטע. מיט'ן וואוקס פון אימפעריאליזם, מיט דער אנטוויקלונג פון מאסן פראדוקציע, מיט דעם צונויפשפארן הונדערטער און טויזנטער ארבעטער אין איין פאבריק און מיט דער מאביליזאציע פון טויזנטער ארבעטער אין גיגאנטישע קאמפן, הויבט די רעגירונג אן שפילן אלץ א גרעסערע



סטרייק־ברעכערישע ראליע: אלץ מער ווערט זי די פארטיידיקערין פון די אינטערעסן פון הערשנדן קלאס קעגן די ארבעטער. דורכדעם ווערן די קאמפן פאר די פונדאמענטאלסטע פאדערונגען פון די ארבעטער אלץ מער און מער פאליטיש און די ארבעטער זיינען אלץ מער און מער געצוואונגען צו שטעלן זיך קעגן דער רעגירונג און צו באקעמפן די רעגירונג. דא ליגט דער פונדאמענטאלסטער פאקטאר פאר א לייבאר פארטי. קוקט זיך צו צו די אינדזשאנקשאנס. גיט אכטונג וואס עס טוט זיך איצט אין פענסילווייניע, אהייא און קאלאראדא.

נאך א פונדאמענטאלער פאקטאר פאר א לייבאר פארטי אין די פאראייניקטע שטאטן איז דאס אנטוויקלען זיך פון אן איינהייטלאכן ארבעטער קלאס. אין לויף פון דער מלחמה איז קלענער געווארן דער תהום צווישן קוואליפיצירטן און ניט קוואליפיצירטן ארבעטער; די אימיגראציע איז אפגעשטעלט און די אנטוויקלונג פון א געבירטיקן ארבעטער קלאס אין די פונדאמענטאלע אינדוסטריען, צו דער עקספראפריאציע פון אמעריקאנער פארמערס טרייבט אין דער ריכטונג פון אן איינהייטלאכן ארבעטער קלאס און העלפן לייגן דעם פונדאמענט פאר א קלאסן פארטיי פון די ארבעטער אויף א נאציאנאלן מאסן באזיס.

דריטנס, איז א „לייבאר פארטי“ א ווירקזאמער, פאראייניקנדיגער לאזונג. ארבעטער, וואס האבן געשטימט פאר די דעמאקראטן אדער רעפובליקאנער, פאר לאפאלעט'ן, אדער אפילו פאר די סאציאליסטן, זיינען נאך ניט רייף צו שטימען פאר דעם קאמוניסטישן וואל־צעטל. די לייבאר פארטי גיט די ארבעטער א פאן, ארום וועלכער זיך צו פאראייניקן. צי זיינען עס די סטרייקנדע בוי־ארבעטער אין קאליפארניע, די קעמפנדע נאדל־טרייד ארבעטער אין ניו יארק, די אויסגעשלאסענע מיינער אין אהייא און פענסילווייניע, די סטרייקנדע מיינער אין קאלאראדא — צו אט די ברייטע מאסן קאן געווארפן ווערן דער אייניקנדער לאזונג פאר א לייבאר פארטי.

דער פרובירשטיין פון פראגרעסיוויזם פאר וועלכער ניט איז ארבעטער ארגאניזאציע אין די קומענדיקע וואלן וועט זיין

די פראַגע פון אַ לייבאָר פּאַרטי. אויב די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי זאָל אין 1928 שטיין אין וועג פון אַ לייבאָר פּאַרטי, אָדער מאַכן נאָך אַ פּאַרזוך צו פּאָזירן אַלס לייבאָר פּאַרטי, וועט זי דערמיט באַגיין דעם שוואַרצסטן פּאַרברעכן. וואָס זי איז נאָך ווען עס איז באַגאַנגען קעגן די ארבעטער פון לאַנד.

## פאַרוואָס איינגטלאַך אַ לייבאָר פּאַרטי אין די פאַראייניקטע שטאַטן?

מען קאָן שטעלן די פראַגע: פאַרוואָס גלויבט די וואָרקערס פּאַרטי, אַז אין אַמעריקע גייט די פּאָליטישע אַנטוויקלונג פון אַרבעטער קלאַס, די אַנטוויקלונג פון אַ מאַסן־פּאַרטיי פון אַרבעטער, אויפ׳ן וועג פון אַ לייבאָר פּאַרטי? פאַרוואָס האָט זיך דער אַרבעטער קלאַס אין די אייראָפּייאישע לענדער, דייטשלאַנד, פראַנקרייך, רוסלאַנד, איטאַליע, אַנטוויקלט פּאָליטיש דורך דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אָרגאַניזאַציע, באַזירט אויף אינדיווידועלער מיטגלידערשאַפט, אַנשטאַט זי זאָל גיין דורך דעם וועג פון אַ לייבאָר פּאַרטי, וואָס איז הויפּטזאַכלאַך באַזירט אויף די טרייד יוניאָנס און אַרבעטער אָרגאַניזאַציעס; דאָס הייסט, אויף קאָלעקטיווער מיטגלידערשאַפט, אַנשטאַט אויף אינדיווידועלער? עס איז ניט שווער צו באַמערקן, אַז די לייבאָר פּאַרטי סיסטעם האָט זיך אַנטוויקלט אין די אַנגלאָ־זאַקסישע לענדער און אין בעלגיע.

דער ענטפער צו אָט דער פונדאַמענטאַלער פראַגע האָט געגעבן זייער קלאָר דזשאָן פּעפּער אין „וואָרקערס מאָנטלי“, יאַנואַר, 1926, אין אַן אַרטיקל, „פאַרוואָס אַ לייבאָר פּאַרטי?“ דזשאָן פּעפּער זאָגט אין יענעם אַרטיקל:

„די געשיכטע פון די דאָזיקע לענדער און הויפּטזאַכלאַך די געשיכטע פון אַרבעטער קלאַס, וועט פאַר אונז דערקלערן ווי אַזוי די סיסטעם פון אַ לייבאָר פּאַרטי האָט זיך אַנטוויקלט אין געוויסע לענדער און די סיסטעם פון סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטייען אין אַנדערע לענדער. אין די לענדער, וואו עס געפינט זיך היינט אַ לייבאָר פּאַרטי, זיינען פריער געבאָרן געוואָרן די טרייד יוניאָנס (ענגלאַנד) און דערנאָך איז אויפגעקומען די פּאָליטישע פּאַרטיי. פאַרקערט, ווידער, וואו מיר געפינען סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטייען, זעען מיר, אַז דאָרט זיינען פריער געבאָרן געוואָרן די פּאָליטישע פּאַרטייען און דערנאָך זיינען פאָרמירט געוואָרן די טרייד יוניאָנס (רוסלאַנד, דייטשלאַנד, עסטרייך, א. אַ. וו.)

„דאָס איז נאָך אָבער ניט די פונדאַמענטאַלע אורזאַך. ווען מיר אַנאַליזירן ווייטער, געפינען מיר, אַז אין די לענדער, וואו די אינדוסטריעל־מאָנאָפּאָליסטישע אַנטוויקלונג האָט פריי צושפּאָלטן דעם אַרבעטער קלאַס, זיינען די טרייד יוניאָנס פאָרמירט געוואָרן פריער און די פּאָליטישע פּאַרטייען זיינען אויפגעשוואומען אַ סך שפּעטער. אַ צושפּאָלטענער אַרבעטער קלאַס איז ניט בכח צו פאָרמירן אַ פּאָליטישע פּאַרטיי. ערשטנס, צוליב דעם, וואָס די אַריסטאָקראַטישע סעקציע פון אַרבעטער קלאַס איז ניט פאַראינטערעסירט אין אַ פּאָליטישער פּאַרטיי. די דאָזיקע אַריסטאָקראַטישע סעקציע איז געווען בכח צו פאַרטיידיקן אירע אינטערעסן דורך די טרייד יוניאָנס; אירע פּאָליטישע אינטערעסן זיינען אידעאָלאָגיש געווען (און טיילווייז אויך אין דער ווירקלאַכקייט) ניט קיין אַנדערע, ווי די אינטערעסן פון דער בורזשואַזיע. דער צווייטער טייל, דער אמת׳ער פּראָלעטאַריאַט, איז, אין געגנטייל, געווען אָן אַ פירערשאַפט, ווייל די אַריסטאָקראַטיע פון אַרבעטער קלאַס פאַרמאָגט די קוואַליפיצירטע און געבילדעטע עלעמענטן, וואָס פּאַסן פאַר אַ פירערשאַפט. באַרויבט פון די דאָזיקע עלעמענטן, איז דער אמת׳ער אַרבעטער קלאַס ניט געווען בכח צו אָרגאַניזירן קיין טרייד יוניאָנס און ניט צו פאָרמירן קיין פּאָליטישע פּאַרטיי. דאָס איז די פונדאַמענטאַלע אורזאַך פאַרוואָס אין די דאָזיקע לענדער זיינען פריער אויפגעשוואומען טרייד יוניאָנס.

„די טרייד יוניאָנס זיינען פון אָנפאַנג געווען בלויז פאַרטיידיקער פון די קוואַליפיצירטע אַרבעטער, די אַריסטאָקראַטיע פון אַרבעט, און ערשט דערנאָך האָבן זיי אָנגעהויבן אַריינגעמען אין זייערע רייען אומגעשולטע אַרבעטער. אַ קלאַסישן ביישפּיל פאַר דעם גיט גרויס בריטאַניע. דאָרט זעען מיר, באַלד נאָך דעם אָנפאַנג פון אימפּעריאַליסטישער אַנטוויקלונג, דאָס צושפּאַלטן זיך פון אַרבעטער קלאַס, ווי עס האָבן שוין אָנגעוויזן מאַרקס, ענגלס און לענין. מיר זעען די שפּאַלטונג, וואָס איז פאַראורזאַכט דורך דער אַרבעטער אַריסטאָקראַטיע — עס ווערט באַשאַפן די אַריסטאָקראַטישע טרייד יוניאָן. די מאַסן אומגעשולטע אַרבעטער זיינען אינגאַנצן ניט געווען אָרגאַניזירט. בלויז אַ דאַנק די אומאויפהערלאַכע אַטאַקעס פון די קאַפּיטאַליסטישע רעגירונגען אויף די פּריווילעגיעס פון דער אַרבעטער אַריסטאָקראַטיע, געריכט פאַרפאָלגונגען קעגן די עקזיסטירנדע יוניאָנס פון דער אַרבעטער אַריסטאָקראַטיע, וואָס האָט געבראַכט צו אַ רעוואָלוציע...

„די דאָזיקע אַנטוויקלונג, וואָס ענגלאַנד האָט דורכגעלעבט אין די ניינציקער יאָרן, האָבן מיר אָנגעהויבן בייצואוואוינען אין די פאַראייניקטע שטאַטן ערשט אַרום 1913. די מלחמה, די אַנטוויקלונג פון אַ גיגאַנטישער, ביוראָקראַטיש־צענטראַליזירטער שטאַטס־מאַכט, דאָס

ארייננמישן זיך פון דער רעגירונג אין טאג־טעגלאכן לעבן פון די ארבעטער און ארימע פארמער; דאס באנוצן פון רעגירונגס־סאלדאטן און אינדזשאנקשאנס קעגן סטרייקער; די ריזיקע קאמפן פון ניט ווינציקער ווי אמיליאן ארבעטער אין 1922; אין דער זעלבער צייט, דער גרויסער אינדוסטריעלער קריזיס אין 1921; דער קאטאסטראפאלער קריזיס אין דער אגריקולטור; די פראקציאנעלע גרופירונגען אין די אלטע פאליטישע פארטייען. וואס האבן צוליב די פארשארפטע קאמפן געדראט מיט א שפאלטונג, — די אלע פאקטארן האבן געטריבן די מאסן אויפ׳ן וועג צו א לייבאר פארטי..."

## אויסזיכטן פאר א לייבאר פארטי

אין דעם לעצטן יאר זיינען די באדינגונגען פאר א לייבאר פארטי פארבעסערט געווארן. דער באנקראט פון דער נאן־פארטיזאן פאליטישער פאליסי פון דער ביוראקראטיע פון דער אמעריקאן פעדערײשאן אוו לייבאר, דער שטורם פון פארניכטנדיקע אינדזשאנקשאנס אין מיינער סטרייק, דער אגולנער און אומברחמנות׳דיקער באנוצן פון דער רעגירונגס מאשין אלס סטרייקברעכערישע אגענטור אין פענסילווייניע, אהייא און קאלאראדא, דער פארשארפטער עקאנאמישער שטילשטאנד; דאס, וואס די אגריקולטורעלע לאגע האט זיך פארערגערט; די וואקסנדע אומצופרידנקייט אין דער רעפובליקאנישער פארטיי; די כחות פון פאנאנדערפאל, וואס ארבעטן אין דער דעמאקראטישער פארטיי: דאס ארייננמישן זיך פון דער רעגירונג אין די טאג־טעגלאכע קאמפן פון די ארבעטער; די ווייטערע אויסברייטערונג פון דער שטאטס־מאשין קעגן די ארבעטער, וואס ווישט אפ די ליניען צווישן קוואליפיצירטע און אומגעשולטע ארבעטער, — דאס אלץ, צוגעבנדיק די פאקטארן, וואס טרייבן צו דער איינהייטלאכקייט פון אמעריקאנער ארבעטער קלאס, זיינען די כחות פאר דער אנטוויקלונג פון א לייבאר פארטי אין 1928.

עס איז אבער ניט זיכער, אז עס וועט זיין א לייבאר פארטי אין 1928. די קארופטע טרייד יוניאן ביוראקראטיע, וואס באהערשט די אמעריקאן פעדערײשאן אוו לייבאר, וועמעס אפאראט עס איז אין דער אמת׳ן א פענסטער צו וואל סטריט; די קליקע פון לייבאר באנקירן, וואס פארפעסטן די טרייד יוניאן באוועגונג; די פאררעטערישע ראליע, וואס עס שפילט די סאציאליס־



טישע פארטיי; די ווארקערס פארטי, וועמעס כח עס איז נאך אלץ צו שוואך, — די דאזיקע אלע פאקטארן דערקלערן פארוואס די אנטוויקלונג פון דער באוועגונג פאר א לייבאר פארטי גייט מיט אזא לאנגזאמען טעמפא.

אויב עס זאל ניט זיין קיין נאציאנאלע לייבאר פארטי אין 1928, דאן איז עס דער חוב פון די ארבעטער צו בויען שטאטס און לאקאלע לייבאר פארטייען; צו ארגאניזירן קאמיטעס פון פראגרעסיווע טרייד יוניאניסטן און עקספלואטירטע פארמער, וואס זיינען פאר א לייבאר פארטי. אויב עס זאל ניט זיין קיין נאציאנאלע לייבאר פארטי אין 1928, דאן דארפן די ארבעטער לכל הפחות שטרעבן אויפצובויען א וואל־צעטל אויף א נאציאנאלן פאראייניקטן פראנט פאר 1928. וואס עס זאלן ניט זיין די אונטערשיידן צווישן די ארבעטער גופא אין פראגן, וואס צוטיילן זיי, טארן זיי ניט דערלאזן, אז די דאזיקע אונטערשיידן זאלן זיך שטעלן אין וועג צו פאראייניקונג, לכל הפחות פאליטיש, אלס קלאס, אונטער דער פאן פון „א פאראייניקטן וואל־צעטל פאר 1928".

די ווארקערס פארטי שאפט זיך ניט קיין אילוזיעס וועגן דעם, וואס א לייבאר פארטי קאן און וועט טאן פאר די ארבעטער. מיר ווייסן, אז עס איז בלויז די דיסציפלינירטע, קלאסנבאוואוסטזיניקע, אויסגעמושטירטע, קלארזעענדיקע קאמוניסטישע פארטיי, מיט איר לענינסטישער פראגראם, וועלכע קאן פירן די ארבעטער צום זיג מיר קוקן אויף דער לייבאר פארטי ווי אויף דעם גרויסן נעקסטן און וויכטיקסטן שריט אין ־ער ריכטונג פון פאליטישער אנטוויקלונג און באפרייאונג פון אמעריקאנער ארבעטער. די קאמוניסטן פארשטייען זייער גוט, אז אפילו ווען א לייבאר פארטי, אדער א פאראייניקטער ארבעטער־צעטל, וואלט ניט געצויגן מער ווי א מיליאן שטימען — ווען דאס וואלט נאר געקומען דורך אן עכטער פאראייניקונג פון די ארבעטער און ארימע פארמער, פולקאם זעלבסטשטענדיק פון די גרויסע בורזשואזע פארטייען. — וואלט עס געווען א גיגאנטישער שריט פאראויס און א ריזיקער זיג פאר׳ן אמעריקאנער ארבעטער קלאס. עס איז זייער מעגלאך, אז ווען אזא פארטיי, אדער וואל־צעטל, זאל פארמירט ווערן, וואלט עס געצויגן עטלאכע מיליאן שטימען.

דער חוב פון די אַרבעטער אין איצטיקן מאָמענט איז אַריינצוּוואַרפן זיך מיט לייב און לעבן אין דער אַרבעט פון פאָרמירן אַ לייבאָר פּאַרטי, אָדער אַ פּאַראייניקטן וואַל־צעטל פון אַרבעטער. דאָס איז דער ווירקזאַמסטער וועג, אין וועלכן די אַמעריקאַנער אַרבעטער קאָנען קעמפן אין די קומענדיקע וואַלן, וואָס רוקן זיך אָן אין די קומענדע חדשים, וואָס איז גלייכצייטיק אַ קאַמף קעגן דער וואַקסנדער טיראַניע פון אַ צענטראַליזירטער רעגירונגס־מאַשין, וואָס איז די גרעסטע סטרייק־ברעכערישע אַגענטור אין דער וועלט.

אַ לייבאָר פּאַרטי וואָלט געווען אַ מעכטיק געווער אין די הענט פון די אַרבעטער צו קעמפן קעגן אינדזשאָנקשאָנס, צו מאָביליזירן די מאַסן פאַר אַ מלחמה קעגן דער רעגירונג, וואָס ווערט אויפגעהאַלטן דורך די אינדזשאָנקשאָנס. דער קאַמף צו ראַטעווען די טרייד יוניאָנס, וואָס ראַנגלען זיך איצט אין די נעגל פון אַ זעלטן שאַרפן קריזיס, וועלן אין אַ גרויסער מאָס געהאָלפן ווערן דורך דער אָרגאַניזירונג פון אַ לייבאָר פּאַרטי. דער קאַמף קעגן אַמעריקאַנער אימפּעריאַליזם, דער קאַמף קעגן דער וואַקסנדער מלחמה־געפאַר, דער קאַמף פאַר דער אַנערקענונג פון סאָוועטן פאַרבאַנד, פאַר דאָס רעכט צו סטרייקן, פאַר פרייהייט פון רעדע, פאַרזאַמלונג, פאַר באַלדיקער צייטווייליקער הילף פאַר די פאַרמערס — אַלע די דאָזיקע פראַגן וועלן קומען צום אויסדרוק דורך דער אָרגאַניזירונג פון אַ נאַציאָנאַלער מאַסן אַרבעטער פּאַרטיי.

## בויט און שטיצט דער וואָרקערס פּאַרטי

אויב עס זאָל ניט אָרגאַניזירט ווערן קיין לייבאָר פּאַרטי, אָדער עס זאָל ניט אויפגעשטעלט ווערן קיין פּאַראייניקטער וואַל־צעטל אין די וואַלן פאַר 1928, דאַן איז עס דער חוב פון די אַרבעטער צו שטיצן די איינציקע פּאָליטישע פּאַרטיי, וואָס פירט ענערגיש די קאַמפן פאַר אַלע פאָדערונגען פון אַרבעטער קלאַס — די וואָרקערס (קאָמוניסטישע) פּאַרטיי. די קאָמוניסטן שטייען אָפן פאַר דעם שטורץ פון קאַפּיטאַליזם און די עטאַבלירונג פון דיקטאַטור פון אַרבעטער קלאַס — פאַר אַ רעגירונג פון, דורך און פאַר׳ן אַרבעטער קלאַס — פאַר דער אַנטוויקלונג



פון אַ קאָמוניסטישער געזעלשאַפט אין די פּאַראייניקטע שטאַטן.

די אַמעריקאַנער קאָמוניסטן, אָרגאַניזירט אין דער וואָרקערס (קאָמוניסטישער) פּאַרטיי, אַנערקענען, אַז זיי האָבן אַ לאַנגן און שווערן וועג. מיר ווייסן, אַז קיין איין פאָדערונג, אין וועלכער עס זיינען פּאַראינטערעסירט די אַרבעטער, אפילו די מינימאַלסטע, איז ניט צו קליין, אָדער אומוויכטיק. די קלענסטע פאָדערונג, די מינימאַלסטע אינטערעסן פון די אַרבעטער זיינען ניט צו אומוויכטיק פאַר דער וואָרקערס פּאַרטי און זי איז גרייט צו קעמפן פאַר דעם. די וואָרקערס (קאָמוניסטישע) פּאַרטיי האָט ניט קיין באַזונדערע אינטערעסן, ווי נאָר די אינטערעסן פון אַרבעטער קלאַס; ראַטעווען דעם לעבנס־סטאַנדאַרד פון די אַרבעטער, דער קאַמף קעגן רעדוצירן שכירות, דער קאַמף פאַר מענטשלאַכע לעבנס־באַדינגונגען, קעגן דער „ספּיד אַפּ“ און שפּיאָנאַזש סיסטעם, פאַר ראַטעווען די טרייד יוניאָנס, פאַר אַמאַלגאַמיישאָן פון די עקזיסטירנדע פאַך־יוניאָנס אין מעכטיקע, קעמפנדע אינדוסטריעלע יוניאָנס; פאַר בויען אַ לייבאָר פּאַרטי. פאַר געווינען סטרייקס, פאַר אָרגאַניזירן די אומאָרגאַניזירטע, פאַר פאַרבעסערן די לאַגע פון די עקספּלואַטירטע פאַרמערס, פאַר דער באַפרייאונג פון די אונטערדריקטע פעלקער אין די פיליפּינען, צענטראַל און לאַטיינישער אַמעריקע, פאַר דער אַנערקענונג פון סאָוועטן פאַרבאַנד, פאַר מאַכן אַ סוף צו דער אַמעריקאַנער אימפּעריאַליסטישער אויסשפּרייטונג, פאַר פּאַראַליזירן אַלע מלחמה־פּלענער פון וואָל סטריט — דאָס זיינען די אישוס, אויף וועלכע עס אַפּעלירן די אַמעריקאַנער קאָמוניסטן צו די מאַסן אַרבעטער און עקספּלואַטירטע פאַרמער. אין קאַמף פאַר די דאָזיקע אישוס וועלן די אַמעריקאַנער אַרבעטער זיך אויסלערנען צו קעמפן פאַר גרעסערע, וויכטיקערע און פונדאַמענטאַלערע אינטערעסן, פאַר דעם פולשטענדיקן אומשטורץ פון אימפּעריאַליזם און די בורזשואַזע סיסטעם פון עקספּלואַטאַציע, און פאַרבייטן מיט אַ פּראָלעטאַרישער, אַן עכטער דעמאָקראַטיע פון אַרבעטער קלאַס און מיט אַ סאָציאַליסטישער סיסטעם.

די אַמעריקאַנער קאָמוניסטן ווייסן, אַז זיי האָבן אַ שווערע אַרבעט פאַר זיך. די וואָרקערס (קאָמוניסטישע) פּאַרטיי, ווי די אַמעריקאַנער סעקציע פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל,

וויס, אז די אינטערנאציאנאלע קאפיטאליסטישע סיסטעם איז קראנק ביז'ן סאמע מארך פון אירע ביינער, ביז איר סאמע הארץ און נשמה. הגם פאר'ן מאמענט זעט אויס, אז דער אמע־ריקאנער קאפיטאליזם איז צו שטארק באזיגט צו ווערן, מוז מען אבער געדענקן, אז דער אמעריקאנער קאפיטאליזם איז א טייל פון דער גאנצער אינטערנאציאנאלער קאפיטאליסטישער סיסטעם. דער איצטיקער פעריאד פון אמעריקאנער אימפע־ריאליסטישער פעסטקייט וועט ניט אנהאלטן לאנג. שוין מערקן זיך וואקסנדע שוועריקייטן פאר דעם שיילאק פון די אימפעריא־ליסטישע גרויסמאכטן. מיר זעען אלץ א מערערע צאל פון ווי־דערשפרוכן, וואס שוואכן אפ די קאפיטאליסטישע עקספלואטא־ציע אין די פאראייניקטע שטאטן.

די אמעריקאנער קאמוניסטן גיבן זיך אפ צו באגייסטערן און פירן דעם ארבעטער קלאס צו יעדן שריט פאראויס. וואס גרעסער דער שריט פאראויס, אלץ בעסער פאר די ארבעטער, אבער אפילו דער קלענסטער שריט פאראויס איז ניט צו קליין. אונזער הויפט־ציל איז צו ארבעטן אין די פאראייניקטע שטאטן פאר דעם אויפבוי פון א רעגירונג פון ארבעטער קלאס, דורכ'ן ארבעטער קלאס און פאר'ן ארבעטער קלאס — אויפ'ן וועג צו פארווירקלאכן א קאמוניסטישע געזעלשאפט.

אויף דער דאזיקער פראגראם רופט די ווארקערס (קאמוניס־טישע) פארטיי יעדן ערלאכן ארבעטער צו הילף. זי בעט די שטיצע פון יעדן באוואוסטזיניקן פראלעטאריער, פון יעדן אר־בעטסמאן און ארבעטספרוי, וואס טראגט כאטש פיל־ווינציק קלאסן־שטאלץ און קלאסן־אינטערעס ביי זיך אין הארצן.

# אינהאלט פארצייכנים

די „רויטע ביבליאָטעק“ איז אַ סעריע בראָשורן און ביכער פאַר די אידישע אַרבעטער, אַרויסגעגעבן פון דער אידישער סעקציע פון דער וואָרקערס (קאָמוניסטישער) פאַרטיי.

די „רויטע ביבליאָטעק“ באַהאַנדלט אַלע וויכטיקע פראַגן פונ'ם פּאָליטישן, געזעלשאַפטלאַכן און קולטורעלן לעבן אין ליכט פון מאַרקסיזם־לעניניזם. זי גיט אַ גענויע באַקאַנטשאַפט מיט אַלע פראַגן פון דער מאָדערנער אַרבעטער־באַוועגונג.

די „רויטע ביבליאָטעק“ וויל זיין אַ וועג־ווייזער פאַר די אידישע אַרבעטער אויפ'ן וועג פון זייער קלאַסן־קאַמף.

די „רויטע ביבליאָטעק“ ווערט געשריבן לייכט און פאַרשטענדלאַך.

עס זיינען שוין אַרויס פון דרוק:

1. צען רויטע יאָר
   פון מ. אָלגין. (צום יובילי פון דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד). פרייז 25 סענט.
2. דער „בונד“
   וואָס ער איז געווען און וואָס ס'איז פון אים געוואָרן, פון שכנא עפשטיין.
3. 1928, די פרעזידענט־וואַלן און די אַרבעטער
   פון דזש. לאָווסטאָן.

ס'גרייטן זיך און וועלן דערשיינען רעגולמעסיק:

4. אַמעריקאַנער אַרבעטער־באַוועגונג
   פון מלך עפשטיין.
5. דער קאַמף אין דער אידישער אַרבעטער־באַוועגונג
   פון פ. יודיטש.
6. די אַ. פ. אָוו ל. און די קאָמוניסטן
   פון בנימין ליפשיץ.
7. רעוואָלט־מאָמענטן אין דער געשיכטע פון דער אַמעריקאַנישער אַרבעטער־באַוועגונג
   פון י. סולטאַן.
8. קונסט און קלאַסנקאַמף
   פון שכנא עפשטיין.
9. פּראָלעטאַרישע קולטור
   פון מ. אָלגין.
10. קאָאָפּעראַטיוון.
11. ציוניזם.
12. אַמעריקאַנער קאַפּיטאַליזם און אימפּעריאַליזם.
13. פּאָליטישע פּאַרטייען אין אַמעריקע.
14. די וואָרקערס (קאָמוניסטישע) פּאַרטיי, איר פאַרגאַנגענהייט און צוקונפט.